לוי פרידמאַן



# אין שטילן פאַרגיין



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג איטשע וו. בידערמאַן
239 איסט 12־טע סטריט ; נויאָרק
.1929

דאָס בוך איז אַ טייל פון אונזער יונג פאַר־שטאָרבענעם ברודער׳ס שריפטן. אַ צאָל פון זיי שוין געדרוקט, און אַ סך אין מאַנוסקריפּט. זיין הייסער וואונטש צו פאַרענדיקן זיין צווייט גרויס בוך — אויסער דעם „רוף צו זיך“ וואָס איז דער־שינען אין 1923, אין ליטעראַרישן פאַרלאַג — איז צוליב זיין שווערע קראַנקהייט און פּלוצלינגדיקן טויט, ניט דערפילט געוואָרן.

מיט׳ן אַרויסגעבן דאָס בוך געפינען מיר אַ טרייסט אין אונזער צער, און אַ ליכטיקן אָנדענק אין דעם יונג פאַרשטאָרבענעם לעבן, וואָס איז אַזוי פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט.

מעגלאַך, אַז אַ טייל זאַכן אינ׳ם בוך וואָלטן אפשר דורך אים נאָך באַאַרבעט געוואָרן פאַר דעם דרוקן, מיר אָבער גיבן זיי, ווי מיר האָבן זיי געפונען.

פאַר דער פאַמיליע,

ק ל מ ן פ ר י ד מ אַ ן.

# זיין לעבן

(ביאָגראַפיע)

לוי פרידמאַן איז געבוירען געוואָרען אין ווארשע, אין 1898, דער פאָטער האָט געהאט א קליין פאַבריקל פון וועלכן ער האָט גע־צויגן א מאָגערע פרנסה. א דערציאונג האָט לוי געקראָגן א גאַנץ געוויינלאַכע, געגאַנגען ביז 10 יאָר אין שול. צו אכט יאָר פאַרלירט ער זיין פאָטער און די נויט לייגט זיך שארף אויס אין דער היים. דאָך לערנט ער און לעזט א סך. אין יאָר 1913, ווען לוי ווערט אַלט פופצן יאָר קריגט ער צוגעשיקט א שיפסקארט פון זיינע ברי־דער אין אמעריקע, פון וועלכע איינער האָט אגב צו יענער צייט געדרוקט לידער אין פאַרשידענע צייטשריפטען (קלמן פרידמאַן) און אין יולי, 1913 איז לוי אָנגעקומען צוזאמען מיט זיין פאַמיליע אין דעם גליקלאַכן לאַנד, און באַזעצט זיך אין ניו יאָרק.

דאָס לעבן אין לאַנד האָט לוי'ן נאָך מער פאַרטריבן אין זיך, בלויז מיט א פּאָר יונגע חברים וועלכע זיינען אויך אריבערגעקומען נאָך אמעריקע טרעפט ער זיך פון צייט צו צייט, ווייטער — איג־גאַנצן אָפּגעשלאָסן מיט זיך. נאָך א טאָג שווערער ארבעט — ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט א מלאכה, בייטל מאַכעריי, פאַרקלייבט ער זיך אין זיין צימערל, לעזט, לערנט, און דאַן הויבט ער אָן שרייבן, צו ערשט פאַר זיך, אָנגעוואָרפענע געדאַנקען, קליינע זאַכן ניט צום דרוקן, אָבער באַלד כאַפּט אים אָן א וואַנדער לוסט, און ער לאָזט זיך איבער שטעט פון אמעריקע. מער ווי צוויי יאָר האָט לוי אזוי געוואַנדערט ביז מיד ווערענדיג, באַזעצט ער זיך צוריק אין

ניו יאָרק. צו יענער צייט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אָפּטער און באַוויזן זיך אין דער עפענטלאַכקייט. אין יאָר 1920 האָט לוי זיך אָנגעהויבען דרוקן אין פאַרשידענע זשורנאַלן, פאַרשידענע קלע־נערע זאַכן, און האָט שוין שטילערהייט געשאַפן זיין גרויס בוך, „דער רוף צו זיך" וואָס ער האָט געשריבן דריי יאָר און איז אַרויס אין „ליטעראַרישן פאַרלאַג" ניו יאָרק, 1923. דאָס בוך האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט. ש. ניגער האָט אין „טאָג" געשריבן:

„לוי פרידמאַנ'ס פּען איז ניט געשולט, זיינע בלומען זיינען באַוואַקסן מיט ווילדע גראָז, זיין ערודיציע איז קליין. פון די פיל גרויסע ווערק וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף דער טעמע פון זיין בוך, זיינען אים באַקאַנט, ווי עס ווייזט אויס, נאָר די וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן לעצטנס אויף אידיש, — היינט ווי זאָלן מיר ניט זיין פאַר'חדוש'ט, ווען מיר דער־שפּירן באַ אים מיט אַמאָל דעם גרויסן שטייגער שרייבן פון די גאָר אַלטע און גאָר גרויסע מאָראַל פּרעדיקער, ווען עס גיבן אונז אַ בלאַסק אין די אויגן תמצית'דיקע, ווי פון הייליקע שריפטן אַרויסגענומענע קלוגשאַפּטן, פּסוקים'דיקע אויסדרוקן, ווי פון משלי אָדער עוואַנגעליען, נאָר מיט די ווענדונגען פון אים אַליין נאָר גע־ברויכטע. און אינגאַנצן זאָגן זיינעם איז דאָ די גרויסקייט פון אַ מאָקס שטירנער און די זיכערקייט און די לויטערקייט פון איינעם וואָס האָט דאָס אַלץ אַליין איבערגעלעבט און דורכגעטראַכט. ווי זאָל ניט זיין פאַר אונז קיין אומגעריכטע בשורה אָט דער נייער פרישער כח, אָט דער קוואַל פון טונקלקייט אַרויס".

אַ שטיקל צייט שרייבט לוי קלענערע זאַכן אין דער „פרייהייט" און אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע" אין דער „פעדער" און אין פאַרשידענע אַנדערע צייטשריפטן און אין זשורנאַלן דאָ און אויך אויף יענער זייט ים. אָבער אין שטוב באַמערקט מען, אַז ער שרייבט שוין לאַנג אַ גרויס בוך, קיינער פרעגט אים ניט, נאָר

## אין שטילן פאַרגיין

ער אַרבעט אויף דעם בוך פיבערהאַפט ביז יולי 1927, ווען ער ווערט פלוצלינג קראַנק. אַליין ניט קיין גרויסער העלד — כאָטש קיינמאָל ניט ערנסט קראַנק, ווערט ער שטאַרק צערודערט און צעשראָקן פון דער קראַנקהייט, זיין אומגליק האָט אים געפירט צו פאַרשידענע שווינדל דאָקטוירים, און ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַן אמת'ן דאָקטאָר, איז ער שוין געווען אַ האַלב צעבראָכענער מענטש. נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג האָבן די דאָקטוירים ערקלערט, אַז ער מוז גלייך אָפּערירט ווערן. דעם 11טן יאַנואַר 1928 איז ער אויפגענומען געוואָרן אין „דזשאָינט־דיזיז“ שפּיטאָל וואו ער איז אויף מאָרגן אָפּערירט געוואָרן. זיין לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן, אָבער אין צען טעג נאָך דער אָפּעראַציע איז אונטערגעקומען אַ קריזיס, און ער האָט געמוזט נאָך אַמאָל אָפּערירט ווערן. זיין לאַגע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער, צוויי טעג פאַר'ן טויט האָט מען אים איבערגעגאָסן פריש בלוט, מיט דער האָפנונג אפשר וועט דאָס אים שטאַרקן, אָבער עס האָט אים ניט געהאָלפן, און זונטיק, דעם 19טן פעברואַר, 9 אַ זייגער אין דער פרי האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

ט. פ.

# דעם ליבטיקן בחור פון ניו יאָרק

דער נאָמען לוי פרידמאַן איז מיר צוערשט באַקאַנט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט די „פרייע שריפטן". ווי נאָר ס'איז דער־שינען דער ערשטער ביכל האָט זיך באַוויזן בא מיר אַ בריף פון ניו יאָרק פון אַ מענטשן וועלכער האָט גערעדט וועגן זיי מיט עפּעס אַ שטילער פאַרבאַהאַלטענער באַגייסטערונג. ער האָט גערעד־ט וועגן דער גייסטיקער צורודערונג אין אידישן אַמעריקאַנישן אַרבע־טער־עולם, וועגן דער נויטווענדיקייט צו ראַטעווען דעם מענטשלאַכן גייסט פון דער מאַטעריעלער יאָגעניש נאָך לעבן. דער שרייבער, לוי פרידמאַן, איז אונז דאָ געווען אומבאַקאַנט: מיר האָבן נישט געוואוסט ניט זיין עלטער, ניט זיין סאָציאַלן באַרוף. אָבער זיין שטים האָט אָפּגעקלונגען פעסט און זיכער.

באַלד האָט ער צוגעשיקט אַן איינענעם אַרטיקל וועגן „מאָראַל און געזעלשאַפט", אין וועלכן ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער געזעלשאַפט בכלל. מיט איבערצייגטע ווערטער האָט ער גע־שריבן: „צווישן מאָראַל און געזעלשאַפט קומט אייביק פאָר אַ קאַמף און אַ ברוגז צוליב מאַכט. עס דאַכט זיך מאַנכע מאָל אויס, אַזביידע שטרעבן זיי צו איין צוועק, נאָר אַזוי שנעל ווי זיי טרעפן זיך צונויף שפּרינגען זיי אָפּ מיט פאַרביטערניש און האַס... מאָראַל איז די פלאַם און וואַרעמקייט פון לעבן, און אַ געזעלשאַפט איז אַ געביידע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער סביבה פון לעבן. ווען אָט די גאַנצע סביבה זאָל קאָנטראָלירט ווערן פון דער געביידע, וואָלט געהייסן אַז אַ קינד פון לעבן ה ע ר ש ט א י ב ע ר ד ע ם

מ ו ט ע ר ־ ל ע ב ן... מאָראַל איז אַ פרייער שטראָם, און געזעל־שאַפט איז אַ דיסציפּלינירטער סיסטעם. קיין אָרדנונג קען נישט דערלויבן אַ פלוס, וואָס האָט די נאַטור פריי צו שטראָמען, אַז ער זאָל איר פאַרפּלייצן און אָפּמעקן אירע גרעניצן... מאָראַל האָט אַראָפּגענידערט אויף די מענטשלאַכע געמיטער נישט פון קיין קאָנ־צענטרירטע געזעלשאַפטלאַכע סיסטעמען, נאָר פון איינצלנע פאַר־שטויסענע און פאַרהאַסטע מענטשן. ווי זשע קען מען געטרויען דער געזעלשאַפט צו ווערן די באַשיצערין פון דער מאָראַל? — און נישט נאָר ריין־אַבסטראַקט האָט לוי פרידמאַן געשמידט זיינע אַפאָ־ריזמען ער האָט זיי אויסגעפּרובירט אויך אויף דעם גרעסטן גע־שעעניש פון דער היינטיקער געשיכטע. „די רוסישע רעוואָלוציע באַווייזט אונז אַ זעלטענעם ביישפּיל ווי אַזוי די מאָראַל האָט זיך אַנטוישט פּלאַנעווענדיק אַ פאַראייניגונג מיט דער געזעלשאַפט... רעוואָלוציע אין אונזערע צייטן האָט אַ מאַטעריעלן באַטרעף, און איז אָנגעפירט פון אַ מאַטעריאַליסטישער וועלטאַנשויאונג. און אַזאַ וועלטאַנשויאונג קאָן נישט פאַרגיטיקן די וועקסלען פון די אידעען, ווייל זי לייקנט אָפּ זייער זעלבסטשטענדיקייט.“

אין די ווערטער האָט זיך געצייכנט דאָס בילד פון אַ פּעסימיס־טישן, אָבער טיף־מאָראַלישן גייסט פון אַ מענטשן, וועלכער פילט זיך מסתמא אויך ווי אַ „פאַרשטויסענער“ פון דער געזעלשאַפט. דער מענטש האָט זיך נאָך בולטער ארויסגעשטעלט אין זיינע לי־רישע שורות וועגן ש ט אָ ל ץ. — ער האָט זיך געווענדט צום שטאָלץ ווי צו זיינעם אַן אינטימען חבר. „אָ, שטאָלץ, דו ביסט מיר אַלעמאָל געווען געטריי און וועסט מיר אויך איצט נישט פאַר־לאָזן... צוזאַמען איז היימלאַכער אפילו צו זיין געפאַלן... זיי נישט דערשלאָגן פון מיינע ווערטער, שטאָלץ. איך וועל נאָך ברייננגען דיר דעם וויין פון זיג און מירביידע וועלן טרינקען... די פיילן וואָס זיינען איצט אין מיר געטראָפן שטעקן טיף און טוען וויי. אָבער

איך האב פאר שונאים ניט געהאט קיין מורא. דו ווייסט דאך, איך בין אויך נישט פון די, וואס פארלאזן און א שלאכט דאס פעלד פון שונא."

אט אזוי איז לוי פרידמאן געשטאנען פאר אונז ווי א אומ־רואיקער שטאלצער איינזאמער מענטש. אבער וואס האט גע־שטעקט הינטער דעם דאזיקן איינזאמען שטאלץ? א ניטשעאנער, וואס טראגט ארום די פאראכטונג צו מענטשן, אדער א בלינדער פעסימיסט וואס דערהויבט זיין פערזענלאכע מרה שחורה צו א וועלט אנשויאונג? ניין, לוי פרידמאן האט מיטן גאנצן שטילן ברען פון זיין נאטור געליבט די מענטשלאכע געזעלשאפט, מער ניט ער האט איר געשטעלט כמעט איבערמענטשלאכע פאדערונגען. דערפון איז געקומען זיין געפיל פון איינזאמקייט.

***

אז איך האב זיך געקליבן צו פארן אין אמעריקא, האט לוי מיט דער גרעסטער סימפאטיע גענומען מיר העלפן דערצו. דערביי האט ער — ריידנדיק וועגן די שאנסן פון א רעוואלוציאנער־עטישער ריכ־טונג אין אמעריקא — געגעבן קלארע באשרייבונגען פון דער אמע־ריקאנער אידישער ארבעטער באוועגונג. „די ליניעס זיינען דא — האט ער געשריבן אנהויב 1926 — שארף אפגעשטראכן. ס'זיינען דא רעכטע און לינקע: דער גאנצער אינטעליגענטישער ארבעטער־עולם, צי מיט סימפאטיעס צו פארטייאיש, צי פארפירט אדער באוואוסטזיניק, זיי אלע פילן אוים די פארזאמלונגען פון די לינקע גרופן. דער קאמף איז דא זייער א פארביטערטער צווישן די יוניאנס, נישט הורך געדאנקען און קריטיק, נאר מיט בלאטע, בלאטע און נאך א מאל בלאטע". אין א צווייטן בריף (אין יולי 1927) שרייבט ער ווידער: „די ארבעטער באוועגונג אין אלגעמיין איז איצט אריינגעווארפן אין אזא מיש־מאש, אז קיין קלארע ליניעס איז נישטא. נישט בא די קאמוניסטן און נישט בא די רעכטע.

מכח דעם סאָציאַליזם האָט געדאַרפט זיין איצט אַ ריין קולטורעלע טעטיקייט.״ אין אַ פּאָר חדשים אַרום קערט ער זיך ווידער אום צו דער זעלבער טעמע: „היינט איז די צייט דאָ אַ ביסל אַנדערש און די הייסע פּעריאָדע פון דעמאָלט האָט זיך אַ ביסל אָפּגעקילט. אָבער נישט אויף אַזוי פיל, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַזאַ באַוועגונג ווי איר שטעלט זיך פאָר. צו דעם מוזט איר פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון דעם אַמעריקאַנער אידישן אַרבעטער. דאָס לעבן איז דאָ פון אַזאַ סאָרט, וואָס נעמט אָפּ דעם חשק פון אידייאיש צו פאַרטראַכטן זיך... איר זאָלט זיך נישט צוזאָגן קיין גרויסע גליקן. נעמט עס מעסיג, וועט איר האָבן הנאה, אַזוי ווי די אַלטע גריכן האָבן געטאָן״.

ס׳איז געווען קלאָר פון אַזעלכע בריף, אַז לוי פרידמאַן איז נאָענט צו דעם אַרבעטער־עולם, אַז ער איז גרייט צו שטיין אין דער דאָזיקער „געזעלשאַפט״, נאָר מיט זיינע אייגענע אידייאישע ניט קליינע פאַרלאַנגען. פאַר יענער נייער, „דריטער״, גייסטיק־סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז לוי געווען אין אַמעריקע איינער פון די פּיאָנערן. פאַרנדיק אַהין, האָב איך שוין געהאַט דאָרטן דעם בעסטן פריינט. ער וועט אויך פאַרלירן דאָס נאָנגדיקע געפיל פון איינזאַמקייט, ווען זיין גייסטיקער שטאָלץ און זיין אומרו־געפיל וועלן געפינען אַ פעלד צו אַקערן און צו זייען.

***

אין יאַנואַר 1928 אין דער רעדאַקציע פון דער „פרייער אַר־בעטער שטימע״ איז צו מיר לעבעדיק צוגעגאַנגען אַ יונגערמאַן מיט אַ מאָגערן געזיכט און מיט לייכטנדיקע אויגן. מיר האָבן זיך געטראָפן ווי אַלט־באַקאַנטע פריינט. ערשט איצט האָב איך דערזען אַז דאָס איז אַ יונגער מענטש מיט אַ אַרבעטער־פּנים. מיר האָבן אָפּגערעדט טרעפן זיך מאָרגן באַ מיר צו אַ לייַנגערן שמועס. — „מיר קענען איצט דאָ אַ סך אויפטאָן — האָט ער גערעדט אויף

מאָרגן שטילערהייט, איינגעזונקען אין זיך — מ׳קאָן געפינען מענטשן, וועלכע זאָלן פאַרשטיין אַ גייסטיקע ליניע אין סאָציאַליזם״...

— נו, לאָמיר טאַקע פּרוּוון צונויפרופן זיי, טאַקע באַלד...

— ניין, האָט ער געלאָסן אָפּגעוועגט מיט דער האַנט, ווי אַ דערפאַרונגסרייכער מענטש, ניין, מ׳דאַרף דאָס פריער גוט צוגרייטן... דאָ זיינען שוין דאָ אַ סך באַדינגונגען... באָט (דאָס ענגלישע **but** האָט באַזונדערס אַרויסגעשטאַרצט אין זיין אידיש־אַמעריקאַנער שפּראַך), מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק... ביז מ׳וועט זיך באַקענען מיט אייך דאָ...

מיך האָט אַביסל געוואונדערט זיין געלאַסנקייט. איך האָב זיך צוגעקוקט און דערבליקט בּאַ אים אויפ׳ן פּנים און אין דער גאַנצער פיגור עפּעס ווי אַ שווערע מידקייט. זופּנדיק זיין טיי און אָפּוועגנדיק די אויגן האָט ער געזאָגט: יאָ, איך בין איצט ניט געזונט, איך האָב אייך געשריבן וועגן דעם... איך האָף, אַז ס׳וועט זיין באַלד אַ סוף דערצו...

פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טרויער.

— וואָס זייט איר אַזוי פאַרזאָרגט פון דער קראַנקייט? וועד טראָגט היינט נישט אַרום אַזעלכע קריינק אין זיך?

— ניין, האָט ער ווי שעמעוודיק געענטפערט, בּאַ מיר איז גאָר אַ שווערע קריינק... לאַנג קאָן זי זיך מער נישט ציען... איך לאָז מיר באַלד מאַכן אַן אָפּעראַציע... צי איך׳ל בלייבן לעבן צי נישט, מ׳מוז דאָס... איך גיי זיך לייגן אין שפּיטאָל...

לוי פרידמאַנ׳ען, דעם שטרעבער צו גייסט, איז געווען שווער דער געדאַנק אַז זיין אייגענער גייסט איז אַזוי פאַרשקלאַפּט צו דעם קערפּער. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער באַפרייען זיך פון דער לאַסט פון דעם קערפּער און זיינע ווייטיקן. און אפשר האָט ער

דעמאָלט שוין אומבאַוואוסט געטראָגן אין זיך דעם פּאַרגעפּיל פון טויט? ער איז געווען זייער טרויעריק.

— און איר זייט זיכער אז מען דאַרף די אָפּעראַציע?

— יאָ, דאָס זאָגן גוטע דאָקטוירים... אָן אן אָפּעראַציע איז אויך קיין לעבן נישט... ער האָט מיר גענומען געבוי דערציילן די לאַגע.

— „באָט", האָט ער פאַרענדיקט מיט זיכערקייט, אז איך וועל ארויסגיין פון שפּיטאָל, וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אָפּרוען זיך אין קאַליפאָרניע... דאָרטן האָב איך א גוטן פריינט... און דערנאָך וועלן מיר זיך נעמען פאַר דער ארבעט...

א ליכטיקער שמייכל האָט באַלויכטן זיין געזיכט.

— איר דאַרפט דאָך אַליין פאַרדינען...

— אָ, איך פאַרדין זייער גוט... מיין ארבעט באַצאָלט זיך זייער גוט. עס וועט קלעקן אויף פירן די ארבעט...

מיר זיינען געפאָרן צוזאַמען אין איסט־סייד. ביי קאַנעל סטריט האָב איך געדאַרפט אריבערגיין די רוישיגע גאַס. האָט לוי גענומען זיך אריבערפירן מיר מיט דער האַנט דורך דעם שטראָם פון מענטשן און אויטאָס, אז איך בין שוין געשטאַנען אויף יענער זייט גאַס, האָב איך נאָך געזען ווי ער פּאַסט נאָך אויף און ווינקט צו מיר מיט דער האַנט. ער האָט זיך געפילט ווי מיין מכניס אורח אין ניו־יאָרק. מיט ווייכקייט האָט אָפּגעהיט דעם לעבעדיקן דער וואָס האָט שוין געטראָגן דעם טויט אין די גלידער.

**
*

דורכן שטראָם פון ניו־יאָרקער לעבן פלעגן צו מיר אָנקומען ידיעות וועגן לוי'ן. ער איז שוין געלעגן אין שפּיטאָל... מען האָט אים שוין געמאַכט די אָפּעראַציע... זי איז געלונגען... אין א וואָך ארום ניט געלונגען... מען מאַכט א צווייטע... עס ווערט ניט בעסער...

אין אָנהויב פעברואַר איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון

א גרופע „אידישע פרייע־סאָציאַליסטן”, אין וועלכער לוי וואָלט גע־דאַרפט זיין דער ערשטער, — מיר האָבן אים אין שפּיטאָל געשיקט אַן איינלאַדונג. ער האָט זי שוין ניט געקאָנט איבערלייענען, אָבער — ווי אין אַ וואונדער — אין סאַמע צייט פון דער זיצונג האָט מען מיך גערופן צום טעלעפאָן. זיין ברודער האָט מיר דערציילט מיט אַ שטים פון בטחון, אַז מען האָט לוי'ן היינט אַריבערגעגאָסן פריש בלוט, און ער פילט זיך געשטאַרקטער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום: לוי פרידמאַן געשטאָרבן.

ס'איז געווען אַן אייז־קאַלטער, ווינטיקער ווינטער־טאָג. דורך די פּאַרטראָגענע, גלייכגילטיקע גאַסן פון שטאָט האָבן מיר — אַ קליינע צאָל פון זיינע קרובים און פריינט — זיך באַוועגט צו דעם בית עולם. מיר האָבן אַלע געשוויגן. איך האָב ניט געקענט בשום אופן גלויבן, אַז דער מענטש וועלכער האָט געטראָגן אין זיך אַזויפיל פּלענער, וועלכער האָט מיך גערופן צו זיך אין ניו־יאָרק און האָט גאָר נישט לאַנג מיר געוואונקען אויף דער איסט־סייד, — איז פאַר־שוואונדן... אויפ'ן ברייטן פעלד וואו מיר זיינען געגאַנגען האָבן זיך געטראָגן בייזע ווינטן פול מיט קעלט און כעס. די קליינע צאָל באַגלייטער האָט זיך וואָרם צוגערוקט צו דער אָפענער גרוב. אין פּשוט'ע ווערטער האָבן אַ פּאָר אָפּגעגעבן אים די לעצטע ווערטער פון טרויער און די צוזאָגונגען ניט צו לאָזן פאַרגעסן זיין נאָמען אין אידישן און אין דעם ראַדיקאַל־מענטשלאַכן געדאַנק!...

ס'איז געווען אַ טראַגישער מזל ביי לוי פרידמאַן. ער האָט טאַקע באמת געטראָגן אין זיך אַן איינזאַמקייט, אַ דרייפאַכע איינזאַמקייט. ער איז אין זיינע אידעען, אין זיין פליען נאָך דער לעצטער ריינקייט, געווען איינזאַם. ער איז געווען איינזאַם אין דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט צייט פאַר'ן ליאַרם און געפּילדער פון „באַוועגונגען” און האָט נישט קיין געהער פאַר דעם שטילן דיכטער און דענקער און אויך אין דער נאַטור צו וועלכער ער האָט גע־

שטרעבט ווי צום לעצטן קוואַל פון אמת, איז ער געבליבן פאַר־אײנזאַמט: זי האָט אים דערשטיקט מיט דער לאַסט פון קראַנקן קערפּער. לוי פרידמאַן, איז ניט באַשערט געווען ארויסרייסן זיך פון דער אײנזאַמקייט צו דעם ברייטן פאַרשטענדנים פון די מענטשן. אָבער, ער האָט געלעבט ניט אומזיסט, דער ליכטיקער בחור פון ניו־יאָרק, דער אידישער ארבעטער וועלכער האָט אַליין געבויט פאַר זיך אַ טיפע אינערלאַכע וועלט, וועלכע האָט געזוכט און געפונען ד ע ם מ ע נ ט ש ן א ו ן ד ע ם א ר ב ע ט ע ר. ס'מאַכט ניט אוים וואָס אויף דעם פלאַסטער פון ניו־יאָרק האָט זיך שווער געקאָנט אײנלעבן אַזאַ צאַרטע מענטשן־בלום ווי לוי פרידמאַן. ער האָט אָבער געלעבט פאַר אַלעמען, — און אויב מיר זיינען שוין מער ניט ביכולת בייצוקומען זיין אײנזאַמקייט אין נאַטור און געזעלשאַפט, קענען מיר אָבער בייקומען די אײנזאַמקייט זיינע אין דער וועלט פון א י ד ע ע ן. לאָמיר אריינפלעכטן זיין אידעען־וועלט אין דעם אייביקן שטראָם פון דער מענטשהייט.

טראַכטענדיק וועגן דעם טויט פון לוי פרידמאַן וועלן מיר ניט געפינען קיינע בעסערע ווערטער ווי די, וועלכע ער האָט אריינ־געלייגט אין מויל פון זיין וואַנדערער (אין בוך „דער רוף צו זיך”). „דער וואַנדערער איז געגאַנגען זיין וועג. האָט ער באַגעגנט אַ טויטן־וואָגן. די מענטשן וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען האָבן זיך שווער גע־שלעפּט אין די בלאָטעס, און אייניקע פון זיי האָבן באַהאַלטן גע־וויינט... דער וואַנדערער איז צוגעגאַנגען צו די מענטשן פון טויטן־וואָגן און ער האָט אַזוי געזאָגט:

צונעמט דעם קאַסטן און נעמט ארוים דעם טויטן און טראָגט אים אויף אייערע פּלייצעס צום קבר. זאָלן די הימלען זען אייער מאַסע!

איר זאָלט ניט טרויערן!”

בערלין, דעצעמבער, 1928.

דר. י. נ. שטיינבערג.

## לוי פרידמאַן: „דער רוף צו זיך“

ליטעראַרישער פאַרלאַג, ניו יאָרק, 1923

האָט איר באַגעגנט זיין נאָמען אין די צייטונגען? האָט איר אים געזען זיך שטופּן אין די רעדאַקציעס? האָט איר אים געהערט זיך טומלען אין „ליטעראַרישן קאַפע“?

און מיט אַמאָל — אַ ב ו ך. אייגנטלאַך, ניט „מיט אַמאָל“, ניט אומגעריכט: ביכער ווערן שטענדיק געבוירן אין שטילקייט.

דאָס גאַנצע אומגליק פון אונזער היינטיגן לעבן און שאַפן איז, וואָס מיר האָבן פאַרגעסן די קונסט פון שטיל זיין, די קונסט, וואָס לערנט אונז הערן דעם אָטעם און דעם געבאָט פון אונזער אינווייניגסטער וועלט. מיר זיינען פאַרטומלט און פאַרהאַוועט. מיר האָבן ניט קיין צייט צו טראַכטן, ניט נאָר מוט פעלט אונז. לוי פרידמאַן איז, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אַן אַרבעטער, ניט קיין פרייער מענטש, אָבער ער האָט אינווייניקסטע פרייקייט, א י נ ו ו ע נ י ק ס ט ע צ י י ט. ער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרהוקן פונם ניו יאָרקער הו־האַ. ער האָט גייסטיג פאַרלאָזן די שטאָט, דעם יאַריד פון די דרוסיגנדיגע מענטשלאַכע באַציאונגען און זיך פאַרקליבן אין דער שטילער וועלט, וואו מען הערט די נשמה רעדן מיט זיך אליין. פון דאָרט איז ער געקומען צו אונז מיט זיין ר ו ף צ ו ז י ך.

צי וועלן מיר זיך אָפּרופן אויפן ר ו ף צי ניט (שטאַרקערע, כשופ׳דיגערע שטימען האָבן אונז שוין ניט איינמאָל גערופן צ ו ז י ך, און מיר האָבן זיך געפוילט צו גיין, ניט געהאַט קיין מוט

צו גיין — צו זיך), אָבער דעם רופער אַליין וועלן מיר געדענקען. מיר וועלן אים דאַנקבאַר זיין פאַר זיין אָפּווענדן אונזער אויג פון קליינעם לעבן צו די גרויסע פראַגן פון דער נשמה, פון דעם איינציגן. ער וועט בלייבן אין דער צאָל פון אונזערע זעלטענע און ניט אומפּרוכטבאַרע גייסטיגע באַקאַנטשאַפטן.

אויב ניט זיין בוך, איז ער אַליין.

דאָס וועט אים פאַרדריסן, אָבער ער וויל דאָך דעם אמת. דער אמת איז, אַז דער אינטערעס און די נייגעריקייט צו אים אַליין וואַקסט איבער דעם אינטערעס, וואָס מען האָט צו זיין בוך, ווען מען לייענט זיך אריין אין דעם. מען לייענט דאָס און מען קאָן זיך ניט אָפּרייסן פון דעם, דערפאַר ווייל מען פילט הינטער דעם אַ מענטשן. אַ זעלטענעם, אַן אומגעריכטן, אַ געפונענעם מענטשן.

ווער ריכט זיך עס צו הערן דאָ צווישן די „עלעווייטערס" און די „סאָבוויים" אַ רוף פון אַ לעבן, וואָס רוט ערגעץ העכער פון די ערשטע און טיפער פון די צווייטע.

מיר גייען אַרום מיט די פאַררויכערטע לאַמטערנעס אין די הענט און זוכן — אַ מענטשן, זוכן און געפינען ניט. פּלוצלונג הערן מיר ווי איינער זאָגט: איך האָב אים געפונען. אין זיך אַליין האָב איך אים געפונען:

„איך האָב געזען, אַז די מענטשן אַליין קאָנען באַשאַפן גליק און זיי קאָנען באַשאַפן אומגליק, אָבער פון זיך אַליין ווערן זיי געשטערט דאָס גליק צו האַלטן, און פון זיך אַליין ווערן זיי געשטערט דאָס אומגליק צו פאַריאָגן."

„ווען יעדער מענטש וואָלט אַ גרויסער גייסט געווען, וואָלטן די מענטשן קיינמאָל קיין רעוואָלוציעס ניט געדאַרפט. אַ רעוואָלוציע איז פאַר די קנעכט און פאַר די הערשער, אָבער ניט פאַר די פרייע גייסטער."

„איך בין גרינג. אויף מיר הענגט נאָך גאָרנישט, ווייל איך בין ניי און טראָץ דעם, וואָס איך בין דיין גרעסטע מאַכט, קאָנסטו מיך נאָר גרינגערהייט טראָגן. בין איך דיר שווער געוואָרן, ביזטו קליין געוואָרן, און ניט אויף דיר וועל איך וועלן רוען מיט מיין גרינגקייט, ווייל פון מיר געניסן נאָר די קלוגע."

„טרעט אָפּ פון מיר, דו, געלערנטער. איך, איינציגער, בין גרעניצלאָז. אויף מיין וועג לאָד איך אוים מיין גייסט און גיי נענטער צו זיך. דאָרט ליגט מיין דערקענונג. איז דען ניט דיין וויסן — איך?"

די ווערטער און אַ סך אַנדערע רייד פון לוי פרידמאַן זיינען ניט ניי פאַר איינעם וואָס איז באַקאַנט מיט די גרויסע, פרומע אָדער רעבעלירנדע, מוסר־ספרים, פון „בחינת עולם" ביז מאַקס שטירנער'ס „דער איינציגער און זיין אייגנטום" אָדער ניטצשע'ס „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ". אָבער זיי קומען ניט, אָט די רייד, נאָר פון ביכער בא לוי פרידמאַן, זיי קומען אויך פון זיין אייגענעם גייסט, פון זיין אייגענער, אינווענייגסטער, שטילער און טיפער ערפאַרונג. איז עס ניט קיין וואונדער און קיין פרייד צו זען אַזאַ רייכע מאָראַלישע און גייסטיגע ערפאַרונג בא אַן „איינפאַכן" אידישן אַרבעטער אין דער טומלדיגער ניו יאָרק?

הייִנט דער אופן שרייבן!

„זיכער קומסטו דיין טרויער צו שטילן אין דיזן (דעם דאָזיגן) פעלד, ווייל איך ווייס, אַז די שטילקייט פון אָוונט טרייסט די טרויעריגע."

„דערהווייל האָט ער געזען, ווי אַ סך מענטשן גייען אויף די גאַסן, אָבער ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צו זיי האָט ער געזען, אַז אַלע זיינען שכור. אַזוי ווי גייסטער זיינען זיי געגאַנגען איבער די גאַסן און אַזוי ווי גייסטער האָבן זיי געקלאַפּט אין די טירן פון זייערע ווייבער."

„דער מענטש וועט געבוירן דורך שרעקלאַכן ווייטיק, דאַן איז ער ניי. אויך דיין גייסט דאַרף געבוירן ווערן דורך אַ שטאַרקן ווייטיק: דעמאָלט וועט ער זיין ניי“.

„געוואָלט האָב איך זען די קלונשאַפט פון אייער ענדערן זיך. אָבער ניט צו קלונשאַפט האָט איר זיך געענדערט. איר האָט זיך געענדערט צום געלעכטער פון מיין וואָרט און צו דעם גיפט, וואָס מיין פאַראַכטונג דאַרף אייך ברענגען.“

„זיי גערעכט, וועט זיך דער מענטש קאָנען פילן באַ דיר בעסער ווי לעבן דיין פריינטשאַפט. אָבער איך ווייס, אַז דיין פריינטשאַפט איז דיין אויסטויש פאַר זיין גערעכט, כדי דו זאָלסט קאָנען זיין פאַרפירעריש און מען זאָל דיך ניט דערקענען.“

„די מוטער איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אויסגעלערנט דעם מענטשן צו פאָלגן. זי האָט פאַרפלאַנצט אין אים די בלינדקייט, וואָס האָט אים אַ סך, אַ סך מאָל געמאַכט אונטערטעניג, און זי האָט צוגעהאָלפן צו דערשטיקן אין אים דעם פאַרטיידיגונגס־געפיל פון זיין גייסט.“

„פאַרוואָס האָסטו אים געלערנט אַזוי? פאַרוואָס האָסטו פאַרפלאַנצט אין אים אַ רעספּעקט צו די העכערע, וואָס האָט גע־האָלפן פאַרמינערן זיין ווערט און געמאַכט מורא האָבן אַרויסצו־קומען מיט זיין רעכט? די פאַלשע ערלאַכקייטן האָסטו אים אָנ־געוויזן, און ער, אַ נאַר־וואָס פאַרפלאַנצטער מענטש, איז אויס־געוואַקסן קרום. ער איז אויסגעוואַקסן דער דאָרן אין זיין אייגענעם האַרצן...“

אויף אַזאַ לשון רעדט לוי פרידמאַן.

ווען דאָס גאַנצע בוך זאָל זיין געשריבן אַזוי, ווי די געבראַכטע און פילע אַנדערע שטעלן, וואָלטן מיר איינפאַך געזאָגט: — אין דער — אַזוי אויך געגוג רייכער — ליטעראַטור, וואָס עס האָבן געשאַפן די פאַרשיידענע לערעס פון אַנאַרכיזם (זיי זיינען פּראַקטיש

אנמעכטיג : אלע זייערע כחות זיינען אוועק אויף שאפן ליטעראטור) — איז צוגעקומען א נייער סטיליסט אדער, ריכטיגער, סטיליזאטאר. מיר וואלטן זיך געפרייט וואס דער מידיום פון דעם נייעם פריי־גייסט איז אידיש, אבער מיר וואלטן זיך ניט געוואונדערט, מיר וואלטן ניט געווען איבערראשט. איצט וואונדערן מיר זיך אויפן בוך, ניט נאר מיר באוואונדערן עס. ווייל — כמעט אין יעדן קאפיטל זעט מען, אז לוי פרידמאן איז זייער שוואך באוואפנט מיט וויסנשאפטלאכע, ליטערארישע און אייגנפאך־גראמאטיקאלישע קענטעניש. עס טרעפן זיך בא אים אומגעלומפערטע אויסדרוקן, פאלשע ווארט־באנוצונגען, אומבאהאלפענע איבער׳חזר׳ונגען און גאנצע פאראגראפן, וואס זיינען געשריבן אזוי, אז מען קאן מיינען, אז זיי קרימען־איבער אימיצן.

לוי פרידמאן׳ס פען איז ניט געשולט. זיינע בלומען זיינען באוואקסן מיט ווילד גראז, זיין ערודיציע איז קליין (פון די פיל גרויסע ווערק, וואס זיינען געשריבן געווארן אויף דער טעמע פון זיין בוך, זיינען אים באקאנט, ווי עס ווייזט אויס, נאר די, וואס זיינען איבערגעזעצט געווארן לעצטנס אויף אידיש.) — הייגט ווי זאלן מיר ניט זיין פאר׳חדוש׳ט, ווען מיר דערשפירן בא אים מיט אמאל דעם ג ר ו י ס ן שטייגער שרייבן פון די גאר אלטע און גאר גרויסע מאראל־פרעדיגער, ווען עס גיבן אונז א בליאסק אין די אויגן תמצית׳דיגע, ווי פון הייליגע שריפטן ארויסגענומענע, קלוג־שאפטן, פסוקים׳דיגע אויסדרוקן, ווי פון „משלי” אדער די עוואנ געליען, נאר נייע ווענדונגען, פון אים אליין נאר געברויכט, און אין דעם גאנצן ז א ג ן זיינעם איז דא די דרייסטקייט פון א מאקס שטירנער און די זיכערקייט און לויטערקייט פון איינעם, וואס האט דאס אלץ אליין איבערגעלעבט און דורכגעמאכט? ווי זאל ניט זיין פאר אונז קיין אומגעריכטע גוטע בשורה אט דער נייער פרישער כח, אט דער קוואל פון א טונקלקייט ארוים.

עס זיינען דאָ אַלטע, שוין לאַנג באַקאַנטע געדאַנקען אין דעם „רוף צו זיך", געדאַנקען וועגן דעם איינציגן. אָבער דער ריין שריפטשטעלערישער כח פון אויסדרוק און די מאָראַלישע שיינקייט פון איננווענינסטן לעבן, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם „רוף", אין זיינע מער געלונגענע טיילן, — דאָס געהערט אינגאַנצן דעם פאַר־פאַסער, און וואָס ווינציגער ער איז געווען אויסערלאך צוגעגרייט צו אַזאַ מין ווערק, אַלץ קלאָרער און זיכערער איז זיין אינעווייניגסטע צוגעגרייטקייט. וואָס מער עס זיינען דאָ שטומע שטעלן, אַלץ גרעסער איז די איבערראַשונג פון יענע געשליפענע זאַצן, וואו עס לייכט שטיל די באַריידעוודיקייט פון לויטערער חכמה און עס רוט פעסט דער פעלזנשטיין פון אייביגע וואַסערן געשליפענע פסוקים.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען טאָר ניט לייענען אַזאַ בוך, ווען מען איז צעטראָגן. מען מוז האָבן אַ קלאָרן קאָפּ און ריינע, ניט־פאַרוואָלקנטע מחשבות, ווען מען גייט אריין אין זיין שטילער, שטרענגער וועלט. מען מוז אָפּווישן דעם שטויב פון די וואָכעדיגע שיך, ווען מען וויל קומען אין באַרירונג מיט איר גייסט.

פאַרשטייט זיך אויך, אַז עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי צו געפינען פעלערן אין דעם בוך און עס אויסצולאַכן. עס איז אַ האַנקבאַרע טעמע פאַר חוזק־מאַכערס און פאַר זוכער פון „פרעמדע ווירקונגען". אָבער ניט צו זיי האָט גערעדט לוי פרידמאַן. וואָרים אַזוי האָט געזאָגט לוי פרידמאַן:

„בין איך דיר שווער געוואָרן, ביזטו קליין געוואָרן, און ניט אויף דיר וועל איך רוען מיט מיין גרינגקייט, ווייל פון מיר געניסן נאָר די קלוגע."

און נאָך האָט ער געזאָגט מיט דעם מויל פון זיין צווייטן איך — זיין „זאַראַטוסטראַ"־למדן — (דער „העלד" פון זיין בוך):
„אָבער איך גיי איצט צו אַזאַ איינעם, וואָס איך ווייס, אַז

אין שטילן פארגיין

אויך ער האָט געבענקט נאָך מיר, וואָס ער האָט דעם צוריק אָפּצאָל פון זיין גייסט, און איך וויל ניט זיין קיין שענקענדער, נאָר אויך אַ נעמער, פּונקט אַזוי ווי איך וויל, אַז מיין פריינט זאָל זיין.“

נאָר צו ז י י נ ג ל י י כ ן רעדט לוי פרידמאַן. אויב עס זיינען דאָ אַזעלכע, וועלן זיי אים ניט נעמען פאַר אומגוט זיינע דערוויילינע טונקלקייטן און אומבאהאָלפנקייטן, נאָר פאַרקערט, מיט דאַנק און האָפנונג וועט זייער בליק זיך זעטיגן מיט די לייכטנדיגע פלעקן פון זיין אמת־לעבנדיגן געדאַנק און אַלטן, פרישן סטיל.

ש. ניגער.

# גלוסטיקע יוגנט

אין דעם פרילינג פון דער יוגנט, אין די טעג וואָס דער קערפּער ליידט נישט פון דער ערלאַכקייט וואָס די אַנטווישונג ברענגט מיט, דאַמאָלסט ווען די נשמה איז נאָך אונפאַרבלוטיקט און דערשלאָגן פון וועמענס האַנט, ווען אין דער זון פון אייגענער בליאונג קייקלט מען זיך פאַר פרייד, שפּילנדיג זיך מיט די טעג וואָס קומען אָן, מיט די נעכט וואָס שמעקן מיט אַ קעגן קומענדער לופט, וואָס איז אָנגעפּילט מיט אַ צאַרטער ראָמאַנטישקייט, פול מיט צוזאָגענדן לעבן אויף שפּעטער, אין די טעג ווען מען איז ניט קראַנק און מען האָט פון קיין קרענק נישט געוואוסט, און ווען עס שרעקט נאָך נישט אָפּ דאָס אוועקגיין פון פריינט, צוליב דער אייגענער שטאַרקייט וואָס מען פילט נאָך אין זיך.

דאַמאָלסט איז געשטאַנען דער מענטש און אָפּגעציילט אַ קעגן דער זון ניינצן יאָר און האָט געלאַכט.

אַ וואונדערלאַכער געלעכטער איז דאָס געווען, ווי מיט גלעקלאַך וואָלט געוועגן באַהאַנגען זיין נשמה, און ווי זיי וואָלטן פאַרקלינגען דורך זיין געלעכטער די געגנט אַרום. עס איז געווען דער אויסדרוק פון זיין געזונטקייט, די פיזישע און די נשמה'דיגע, זיין גאַנצע פרייד אין דעם שמעקעדיגן קוואַל פון דער יוגנט, פון יענע ערשטע טעג ווען ער שטייט אַ קעגן דער זון און זיי לייכטן ביידע גלייך, זי מיט אירע שטראַלן — ער מיט זיין בליען.

אַזוי פרייענדיג זיך, האָט ער זיך אומגעקוקט און געזען ווי עס הענגען אַראָפּ שווערע צווייגן פון די בוימער, וואָס זיינען נעבן אים געשטאַנען און זיך אָפּגעשפּיגלט אין שאָטנס איבער דער ערד, וואָס איז געווען באַשיינט פון דער זון. ער איז צוגעגאַנגען און באַ־קוקט ווי די צווייגן הענגען אַראָפּ באַלאָדן מיט שווערקייט פון פרוכט.

טראַכט ער: דאָרט וואו עס איז דאָ פרוכט איז שווער צו שטיין גלייך, מוז מען זיך איינבויגן.

אַזוי שטייענדיג און קוקנדיג אויף די צווייגן וואָס זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון די בוימער, האָבן זיך דערנענטערט צו אים טענער פון מוזיק, זיין זאָרג איז עטוואָס פאַרשווינדן ער האָט זיך איינגעהערט.

עס האָט אויסגעזען ווי די שטילע נאַטור האָט אָנגעהויבן צו רעדן און דערציילט פון אַן אייביגן לעבן וואָס האַלט אין בליען.

און דער מענטש האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט צו זיך.

הייסט עס אַז דער טויט איז גאָרנישטאָ? אַלעס לעבט דאָך אייביג, פון יעדן ווינקל דערנעענטערן זיך צו מיר קלאַנגען, ווי דאָס לעבן וואָלט אַרויסגעשפּרונגען פון פאַרשידענע באַהעלטעניש, ציענדיג זיך צום הימל, אייביג. אייביג.

ער האָט געזען ווי פון דער ערד וואו ער איז געשטאַנען ציען זיך וואָרצלען און וויקלען זיך אַוועק אין דער אומענדלאַכקייט, און ווען ער איז צוגעגאַנגען זיי באַקוקען איז ער געוואָרן פאַרוואונדערט. אויף די וואָרצלען איז געוואַקסן די האָפנונג און די באַגייסטערונג, ער האָט געמוזט פאַרמאַכן די אויגן אַזוי האָבן זיי אים געבלענדט.

דאַמאָלסט האָט דער מענטש געזאָגט.

וואו איך שטעק מיינע אויגן זע איך נאָר לעבן און לעבן, ווי הנאה'דיג מוזן דאָס זיין די דאָזיגע וואָרצלען אַז זיי בלענדן אַזוי

פאַר׳כישוף׳ט, איך וואָלט זיך געוואָלט מיטציען אין זייער אונ־ענדלאַכקייט כדי צו ווערן אַ טייל פון זיי, ער איז געשטאַנען און שטיל געטראַכט, פאַרשידענע פּלענער זיינען דורכגעלאָפן דורך זיין קאָפּ, און ער האָט אים אָנגעלענט אויף זיין האַנט קוקנדיג ווייט אויף דעם וועג וואָס די זון האָט באַגאָסן מיט ליכט.

צוויי מענטשן זיינען געגאַנגען אויפן וועג, דאָס זיינען געווען וואַנדערער און פריינט, ער האָט זיך מיט זיי דערפרייט און זיי אַ קעגן געגאַנגען פרענגנדיק.

די וועלט איז מיר געפעלן געוואָרן, איך ווייס אָבער נישט וואָס צו בויען פאַר איר, זאָגט מיר וואָס וואָלט געווען דאָס בעסטע אַז מענטשן זאָלן עס ליב האָבן און לעבן גוט? באמת, האָט זיך איינער אָנגערופן, דאָס בעסטע וואָלט געווען דו זאָלסט זיי לאָזן צורו. ווען איינער אַזוי ווי דו האָט געפונען די זאָרגלאָזיקייט וואָס דאַרף ער דען באַזאָרגט ווערן און מיט איר אָנפילן די מענטשן?

וויניג זיינען דאָ אַזעלכע וואָס אָטעמען דעם טאָג מיט אַזאַ פריילאַכער און געזונטער נשמה ווי דו האָסט, נאָך וואָס זאָלסטו אין איר אריינשיסן די פיילן פון גאַל און מידקייט? איך וועל איר נישט געבן די מידקייט, ווי אַ קוואַל וועט זי זיך ארויסגיסן און באַ־טרינקען אַ סך, האָסט שוין אַמאָל געהערט אַז די זון זאָל מיד ווערן ווי קאָן עס דען מיט יוגנט געשען? איך וועל אריבער שווימען די אינזלען פון גאַל, און זיי אויסטריקענען, און דעם זאָרג וועל איך אַזוי לאַנג האַלזן ביז ער וועט פריילאַך ווערן. מיינע כחות איז דער גוט מאָרגן פון דער נאַטור ווי קאָן איך דען מורא האָבן מיד צו ווערן? איז דען די נאַטור עס אַמאָל געווען? איז דען גערעכט, אַז בלויז פאַר מורא זאָל מען באַהאַלטען כחות, דעמאָלט וועל איך האַסן די וואָס האָבן מורא. איז דען פון דאָרט, פון וואַנען איר קומט נישטאָ קיין ליבשאַפט, איר וועג גייערם?

ליבשאַפט איז דאָ, האָט ווידער דער ערשטער געענטפערט, אָבער זי איז אַריינגעוואַקסן צווישן אַ סך דערנער, וואָס געפינען זיך אין דעם זעלבן אָרט וואו זי געפינט זיך, און ווען מען בייגט זיך אַראָפּ פון איר זיך צו דערקוויקן צושטעכט מען זיך דאָס פּנים פון זיי, וואָס וואַקסן אַרום איר, נישט איינמאָל האָב איך שוין געהאַט אַ מיאוס'ן אָפּשניט ווען אַנדעריג פון איר פאַרזוכן.

לאַנג איז דער מענטש געשטאַנען און געטראַכט פון דעם ענטפער, ער האָט געהערט דאָס רוישן פון דער יוגנט, ווי פון וואַסער פאַלן, וואָס האָבן זיך צעגאָסן איבער זיינע גלידער און גערופן מיט ניינעריקייט אין אַ פאַרשטעלטער וועלט, צום סוף האָט ער געזאָגט:

יוגנט וויל דאָך אָבער נישט וויסן פון געפאַר, דערפאַר מאַכט זי איר אומשעדלאָך. איז דען געווען אין דער וועלט עפּעס שרעקלאַ־כעס, וואָס יוגנט זאָל נישט קאָנען צעברעכן, און מיט איר מוט באַ־זיגן? וואָס פאַר אַ וויסטעניש איז פון איר נישט מיט לעבן געוואָרן באַזעצט, און וואָס פאַר אַ קרבן איז פאַר איר געווען צו שווער צו ברענגען?

איך וועל אויך די דערנער מיט וועלכע דו שרעקסט מיך אָפּ, אַרויסרייסן און איך וועל זיי ווי צעריבענעם שטויב צעשיטן, און אַרומנעמען די ליבשאַפט אומגעשטערט.

וויל ווען זאָל איך אוועקשיינקען מיין כח? איז דען נישט אַריינגעגעבן קראַפט אין איינעם אפשר דערפאַר וויל אַ צווייטער דאַרף עס האָבן? וויל ווי קאָן דען זיין אַן איבערמאָס אין אַזאַ אָרדנונג ווי אין דער נאַטור.

יאָרן וועלן צייטיג ווען עס ווערט אויפגעטאָן אין זיי עפּעס אמת גרויסעס, דאַמאָלט פילט מען דעם זאַפט פון זייער רייפ־קייט, זיי הענגען דאַמאָלסט אַרונטער פון מענטשן ווי צייטיגע פרוכט ווי דו זעסט דאָ באַ די בוימער וואָס שטייען נעבן אונז, די

רייפקייט דאָס איז דער לוין פאַרן לעבן, וואָס גייט אוועק אום מער נישט צוריק צוקומען, וואָס פאַר אַ טראַגעדיע מוז עס זיין פאַר די וואָס זעען נישט קיין פרוכט פון פעליגע יאָרן, דאַמאָלט איז זייער אינהאַלט געוועזן ליידיג ווי די שאָלאַכץ פון אַ נוס.

פיל טעג זיינען געווען וואָס פלעגן געבוירן ווערן מיט דעם סוד פון פאַרגעניגן, און מיין בלוט פלעגט אויפשוימען הערנדיג זיי פאַרבייגיין אָנקלאַפנדיג אין מיר, דאַמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך דאַרף האָבן דעם מענטשן אַלס דעם פּרוביר שטיין, ווייל ווי גאָלד ווערט אויסגעפּרואווט באַ פייער אַזוי דאַרף פאַרגעניגן אויסגעפּרואווט ווערן אין מענטשן. איז דען נישט די פרייד שטאַרקער ווען זי צינדט זיך אָן בשותפות מיט נאָך וועמען, און רוישט דען נישט דאָס בלוט לוסטיגער ווען דו שעפּסט דעם פאַרגעניגן און גיסט עס אָנצוטרינקען צו נאָך מענטשן?

איך פיל ווי די יוגנט שפּרייט אויס אירע צווייגן אין מיינע גלידער, און באַוואַסערט דעם באָדן פון מיין ווילן, זי בלאָזט אריין אין מיין נשמה די ריחות פון פאַרשידענע געווירצן וואָס איך וועל פאַרזייען אויף איר פעטן באָדן.

באמת, זי דאַרף זיך אויסבייגן מיט אירע כחות כדי מענטשן זאָלן זי קאָנען דערגרייכן און זיך אָנטרינקען מיט זיי, ווייל זי איז די זריעה פון זייער מוט.

דער מענטש איז שטיל געבליבן, די זון שטראַלן האָבן אָפּגעשיינט אויף זיין פנים און זיך פאַרוועבט אין די ווינקלען פון זיין מויל.

די ווענט גייערס האָבן אים געפרעגט: אָ, מענטש, זאָג אונז, וואו האָסטו דיין ווילן געקראָגן? — איך האָב אים ארויסגעצויגן פון דעם זאַפט פון דער ערד און פון אירע וואָרצלען אויף וועלכע איך וואַקס, איך האָב אים אריינגעצויגן פון דער זון בשעת זי האָט

לוי פרידמאַן

אויף מיר געשיינט, און פון די אויגן פון מענטשן ווען איך האָב
אויף זיי געקוקט, און איך האָב מיט אים באַקרעפטיגט מיינע כחות,
איצט גיי איך צו דער וועלט איר צו געבן מיינע מתנות, אוועקצו־
שיינקען דאָס וואָס איך האָב געקראָגן און צו גיין איבער די זיל־
בערנע בריקן פון לעבן, און זען ווי זיינע קוואַלן שפּריצן, און ווערן
באַשפּריצט פון זיי, זען ווי זיינע קוואַלן שטורעמען כדי אונז איינ־
צושלינגען, איבער וועלכע מיר ווערן סוף כל סוף ווידער געבוירן.

# אייערע שטעט

נייגעריק קוקט צו מיר אַהער דעם טייוולס טרוים און אַן אַז אויפּהער זע איך ווי איר ציט זיך צו אים. איז דען מעגלאַך אַז לעבן האָט אַנגעהויבן בליען פון די אָפּגרונטן ארויס — האָבן זיי נישט ליב דאָס געזעענע, וואָס די פינצטערניש ציט זיי צו זיך ?

באמת איך דערקען נישט אייער רו וואָס דאַרף זיין אין אייערע שטעט. וואָס האָט איר געטאָן צום מענטשן ? איר האָט אויסגעראָטן די טוגענדן וואָס זיינען צייטיג געוואָקסן. איר האָט געמאַכט די נשמה פאַר א מויז אין טעמפּל פון אייער פרייהייט !

אַ קינד ביזטו געוועזן באַ איר געבורט און אַן אכזר ווען זי האָט דיך דערצויגן. האָסט פון איר גענומען די ברכה אַנטוענדיג זיך די האָריגע פעל פון אַ קעמפּער — האָסט אָפּגענאַרט די אויגן וואָס האָבן נישט קיין גרענעץ.

אומרואיג זיינען אייערע וועגן און די זון גייט צוריק פון אייערע לענדער !

האָס האָט זיך אויפגעהויבן פון די גופים וואָס זיינען געפאַלן באַהאַלטענערהייט, פאַר זיי האָט איר נישט קיין מורא. אכזורים האָבן אָבער מורא פאַר געשפּענסטער, און איר וועט פאַר זיי מער מורא האָבן ווייל זיי זיינען נישטאָ, ווי זיי וואָלטן געווען, ווי א היישעריג וועלן זיי אַראָפּנידערן אויף אייער לאַנד און עס פאַר־טונקלען !

זיי וועלן אייער ערד מאַכן גלייך מיטן אָפּגרונט און זיי וועלן איר אויסרייסן פון וואָקסן. איר זענט דאָס מיסט פון נייע דורות

נישט די צייטיקייט! איר זענט די בלאָטע פון אונטער וועלט, אויף וואָס די אויבערשטע דאַרף זיך רייניגן.

איר האָט צוגעוואוינט אין אייערע הענט די האַק צו האַלטן און זי וויל זיך שוין מער נישט אָפּרוען. איר האָט דערשטאָכן די פרייהייט אויף אַ כיטרן אופן כדי איר זאָלט נאָך קאָנען זיין שיין רעדערם און טייטלען אויף מענטשלאַכקייט. גרוים איז אייער זינד און מען קען עם נישט מוחל זיין — קאָן מען דען מוחל זיין די האַנט וואָס וויל נאָר הרג'ענען? איר האָט אַרויסגעשלעפּט דעם געווויסן ווייל ער האָט זיך אַליין געשעמט צו ווייזן, און אַזוי ווי אויף אַלעמען אויך אויף אים אָנגעטאָן דעם דאָרנדיקן קראַנץ פון ליגנט.

די ערד איז בייז ווייל זי וויל נישט אַריינעמען קיין פּריציי־טיגן טויט אין איר שוים! איר בויך קריכערם מיט די קרוינען, הערט דאָס! זי וויל נישט! און זי וועט אייך פאַרטיליגן. אייער לאַנד וועט פלאַצן פון טרוקעניש און אייער בלוט וועט פון אייך אוועקלויפן ווייל איר טראָגט אוועק יצו פּריצייטיג צום טויט די וואָס זי וויל נישט האָבן!

איינזאַם קוקן אויס אייערע וועגן און פון אייערע מויערן פון רייכקייט גייט אַוועק די מענטשלאַכקייט מיט אַ צוריסן לייב.

ווי, וואָס טוט איר צו דעם וואָס פאַלט צו אייערע פים, זענט איר דען די האַרן פון נאַטור אז איר זאָלט זי לערנען צו לעבן און צו שטאַרבן?

וואָס האָט איר געטאָן מיט דעם וואָס מען האָט אָנגעזאַמלט פון דורות און מען האָט זיך באַ דעם אָפּגעהיט? — איר האָט צו־טראָטן מיט די פים נישט אייער לעבן — שפּעטער פון נאַטור, פאַר־שעלטער פון זיך אַליין!

איר האָט דערשטאָכן די וואָס זיינען געווען צו דערקענען,

ווייל ווען מען האָט מען דען געקענט דערקענען אז איר האָט אַלץ אראָפּגעוואָרפן אין גרוב פון נבלות?

דערשראָקן ליגן אייערע וועגן און קוקן מיט גרויסע אויגן אויף די וואָס גייען דורך זיי אַדורך. איר האָט געגעבן מורא צום לאַנד וואָס האָט געגעבן עסן פון איר פעטע ערד. שאַנד זאָל אויף אייך גליען ביז זי וועט אייך פאַרברענען! און איר זאָלט פאַלן צו דער ערד מער קיין מאָל נישט אויפצושטיין. אומרואיג זאָלן די טייכן דורכגיין די ברעגן פון אייערע שטעט און רעגן זאָל נישט וועלן באַוואַסערן אייער ערד!

דאָס לעבן פון אַ סך איז אומגעפאַלן ווייל דער גוף איז אונטערגעגאַנגען. און פון גייסט האָט איר אויסגעלאָשן זיין פייער. אייערע גרענעצן זיינען מער נישט די צייכנס פון פרייהייט — איר זענט שטאָלצע דערנער פון אַ וויסטע וואָס וועט פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט אייך.

אומרואיג זיינען די טייכן אָפּשפּיגלענדיג אייערע זינד מיט טרויער, אויסמישנדיג זיך מיט נאַכט ליכט וואָס פאַלט צו, גלאַנצענדיג אַרויף צו די בריקן, אַריינאָטעמענדיג מיט מורא צו די שטעט, וואָס זי טראָגט אויף איר וועג.

דאָס פייער וואָס דער האַס האָט געמאַכט שיינט אָפּ אויף אייערע שטעט. ווי בלוט איז געוואָרן דער ווילן פון לעבן און די גלאָקן פון אייערע טעמפּלען קלינגען שטענדיג צו מלחמה.

וואָס האָט איר געטאָן — אייערע קינדער האָבן אויפגעהערט צו שמייכלען און מיט בלעטער קליידער גייען אָנגעטאָן די מענטשן. שווייגנדיק איז געוואָרן דאָס האַרץ פון לעבן און עס שפּירט אַרום זיך די געפאַר פון שנאה.

די פעלדער גיבן נישט ווילנדיג זייער שפע, ווייל נישט צו אַזאַ לעבן זיינען זיי פעט. נישט פאַר דערנידערונג ווילן זיי זאַט

מאכן — אַלע וואָס קומען צו זיי אָן, און אויך נישט קיין פּאָר און אויך נישט קיין איינציגן.

הערט צו! ווייל אפילו ווען איר וועט שוין זיין טויט וועט זי שרייען! אפילו איר וועט שוין זיין אָפּגעמעקט וועט אויף איר בלייבן א צייכן.

איר האָט אומעטיג געמאַכט די חנ'עוודיקייט פון אייערע טעכטער און פאַרשייט זיי געמאַכט. און איינגעבויגן דעם שטאָלץ פון די מענער. מיט אכזריות האָט איר זיך אָנגעזעטיגט און איר זענט נאָך אַלץ נישט זאַט. אייער דורשט איז געגליכן צו א שפּאַלט פון פעלזן וואָס וועט אויסטרינקען אייער בלוט.

לאַנג איז שוין דערשלאָגן דאָס לעבן אין אייערע גרענעצן און מיט עקל האָט איר זיך דערפון אָפּגעקערט. זעט איר דען נישט זיין אָפּשפּיגלונג וואָס איר האָט זיך דערפון אָפּגעקערט. איר אַנט־לויפט פון זיך און בלינדערהייט וועט איר פאַלן.

וואָס זאָל איך נאָך שרייען צו אייך, ווען נאָך א גרעסערן וויטאָג האָט איר פאַרלאַכט. וואָס זאָל איך אייך וועקן אַז איר האָט צוטראָטן אייער געוויסן — אַז מען קען זיך אַליין נישט שאַ־נעווען וועט איר עס אודאי נישט טאָן צו מיר.

דערקען איך דען נישט דעם וויסן בא אייך, אַז איך זאָל אייך וועקן צו אים. וועט איר דען שאַנעווען איינעם וואָס איז נישט צוגלייך מיט אייך, וועט איר דען פאַרטראָגן א פרעמדע שווערי־קייט.

דאָך זאָל אייך מיין קול גליען און אייך דורכלעכערן דער־פאַר, ווייל צו שווער איז געוואָרן די זינד אַז איך זאָל פאַרשווייגן צוליב נידריקייט.

האָס וועט זיך אַרויסציען פון אייערע לענדער און וועט מיט־נעמען אייערע קינדער און אייערע ווייבער, ווייל איינער אין דעם

צווייטן וועט ווי אַ דאָרן זיין וואָס זי וועט אָנצינדן און אין דער היים וועט מען זיך שעמען צו מאָהרן.

אייער רייכטום וועט זיין ווי אַ היישעריג אויף אייער לעבן און די אַרבעט וועט נישט ברענגען קיין רו. איר וועט פאַרלירן דאָס געוויסן פון ערד און איר וועט פון איר אויסגעראַט ווערן.

בלינדע פון גייסט! בעטלער פון גאָרנישט! מיין קול זאָל אייך אַנידערוואַרפן און איבער אייך זאָל אַריבערטרעטן דער אַנ־דערער פון אייך. כדי איר זאָלט זיך אַליין נישט דערקענען, כדי איר זאָלט זיך אַליין האַסן. כדי איר זאָלט נידריג זיין אַזוי ווי עס איז דאָס גראָז.

האָב איך דען נישט גערופן איר זאָלט זיך אומקערן צום גלייבן וואָרט און צו דער נישט בעהאַלטענער צונג. האָב איך דען ניט געשריגן מיט בלוט און איר האָט נישט געפאָלגט! — איר צוריק־וואַקסנדיקע!

איצט זע איך דעם שוים פון בלוט אין אייערע לענדער און די צעפלאַצטע ערד פון שפע. — איר ווילט פון פאַרוויסטונג וויסטע מאַכן — די ברעגן לויפן איבער און גייען אַריבער די גרענעצן און פאַרשפרייטן דעם האַס וואָס איז געווען פאַרשאָלטן און די זינד פון שאַנד.

זאָל אייך דאָס פאַלן איינהאַלטן, ווייל אַלע מאָל איז עס גע־ווען אַ גרענעץ פון טויטע, און איצט וועט עס אויך אַזוי זיין. ווייל אייער האָב, אייער גוטס און אייערע קינדער גייען צום טויט. עס איז שוין דאָ דער באַרג וואָס מען קען שוין מער נישט אַרויף. מען מוז באַ אים בלייבן שטיין אַרויפצוקוקן. איר זאָלט שוין מער נישט קלעטערן, ווייל ער וועט איינפאַלן און אייך פאַרשיטן, און צוזאַ־מען מיט זיי וועט איר פאַרשאָטן ווערן — צוזאַמען מיט אים וועט איר פאַרטיליגט ווערן.

איר זאָלט זיך איינהאַלטן, ווייל דאָ איז דאָס וואָרט פון לעבן,

דער נויט רוף פאַר אייערטוועגן. ווייל ווען ער וועט זיך אָפּטאָן פון אייך וועט איר וויינען. ווען ער וועט אָפּטרעטן וועט איר פאַלן צו דער ערד פון עגמת נפש.

איר זאָלט פאַלגן דאָס געשריי פון לעבן איידער עס ווערט נקמה׳דיג און עס וועט אייך פאַרטיליגן. איר זאָלט זיך צוהערן איי־דער די זון טרעט אָפּ פון אייך!

איך שריי צו אייך און איר וועט הערן, ווייל איך ווייס אַז איר וועט מורא האָבן אומצופאַלן. נאָר אויב נישט, וועט איר סיי ווי ווערן אַוועקגעשליידערט, ווייל אַ גרויסע נקמה גייט באַרעכטיגט — אַ גרויסע שנאה גייט אויפן וועג אַ קעגן אייך.

זי איז געשיקט פון דעם לעבן וואָס איז צוריקגעגאַנגען צו ערד און דאָרט האָט איר איר פעטקייט אַרויסגעבערענגט — ערד איז נישט מוחל איר פאַרשניטנקייט, און דורך אַן אַנדער אופן ברענגט זי אַרוים דאָס וואָס ווערט מיט געוואַלט אין אירע געדערים צוריק אַריינגעטראָגן.

נאָך אַמאָל וועט פאַרניכטונג אויף אייך קומען און זי וועט פלאַך מאַכן אייער וואוקס, ווייל צוריק מיט דער ערד דאַרפט איר גלייך זיין כדי צו דערשפּירן איר פרישקייט און איר ווילן, ווייל ער איז באַ אייך אַנדערש געוואָרן.

און איך וועל וואַרטן און זעען ווי אַזוי איר וועט וואַקסן, איך וועל צוקוקן ווי אַזוי איר וועט פאַרגעסן אין חרטה, ווייל איר וועט האָבן פאַר איר אָפּגעקומען.

צו דיר נאַטור, זאָל איך צוריקטראָגן דאָס זיין אויף דער ערד. שווער איז די צייט פאַר די וואָס האָבן ליבשאַפט צו דער נשמה און דאָס פאָלק איז גראָב געוואָרן ריידנדיג וועגן שיינע אידייען.

נעם אוועק פון מיר דעם סם וואָס אנדערע האָבן אריינגעגאָסן. עס איז דאָך דיין! כ'קען שוין מער ניט פארטראָגן די פארשוועכונג פון וואָרט און די שאַנד פון גייסט. מאַך מיר לויז פון דיינע מתנות וואָס האָבן מיך געמאַכט עמפפינדלאך — איך וויל זיי מער ניט טראָגן!

נעם אוועק וואָס דו האָסט געגעבן, ווייל שווער בייגן מיר אראָפּ דיינע קאַפּריזן. כ'וויל ניט זיין קיין שותף צום ווילן וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט גיפט.

כ'האָב אלץ צוריקגעבערענגט צו דיר. נאַטור, אלץ איז געשלאָגן און וויינט. נאָר מען קאָן עס ניט דערקענען — נאָר דו, עס איז דאָך דיין באשאַף, וועסט עס דערקענען.

דאָס לעבן וואָס דו האָסט מיר געשיינקט בלאַנקט ניט אזוי ווי דאַמאָלט אין אָנהויב — נאָר וועלכער מייסטער האָט נאָך זיין ארבעט נישט דערקענט?

זאָל איך בייז זיין אויף מענטשן? ווי אזוי קאָן מען דעם שולדיגן פאַר שולדיג מאַכן, אז דו ביזט די קראַפט און דער ווילן אז אלץ זאָל אזוי זיין.

נאָר איך האָב א רעכט זיך אָפּצוזאָגן. איך וויל ניט טראָגן דיינע לאָגלען, וואו דו גיסט אריין סם און מאַכסט צו גלויבן אז

ס'איז ווײַן. נעם זײַ! איך וואַרף זײַ דיר צוריק. כ'בין אײַנגאַנצן צומישט פון דעם וואָס איך זע בײַם מענטשן, דערפאַר בין איך געקומען דיר אָפּגעבן די גאַל און גיפט און מײַן ליבשאַפט, זאָל אַן אַנדערער זײַן דער נאַר און משפּט'ן.

ווי אַזוי זאָל איך עס טאָן אַז דו ביזט בלינד. ווי אַזוי קאָן איך זאָגן פון רעכט ביז אומרעכט אַז דו אַליין האָסט עס ניט אָנגעוויזן? — דאָ האָסטו צוריק מײַן שווערד. מײַן וואָג און מײַן נשמה. רײַב אָפּ מײַן צײַכן און גענאַר אָפּ אַ צווייטן מיט זײַ.

כ'האָב שוין געהאַט אַ מענטשן אַנידערגעוואָרפן און אויפגע־הויבן דאָס מעסער אין אים אַרײַנצושטעכן, ווײַל ער האָט געלאַכט פון דער נשמה. נאָר ווען כ'האָב מײַן האַנט אויפגעהויבן האָב איך די נאַטור געזען און זי איז צוריק אַראָפּגעפאַלן.

אפשר טו איך דיר צוליב וואָס איך הרג'ע? אפשר טו איך צוליב וואָס איך ראַטעווע? דער שפּאָט פון קאַפּריזן איז דאָך דײַן אויסוואַל.

דו האָסט אײַנגעפלאָכטן די ווילדקייט פון די וויסטעס אין מײַנע גלידער, כדי מענטשן זאָלן גלוסטן צו מיר און מיך באַ־פּרוכפּערן. איך בין געווען אַ פלאַנצונג מיט ניט קיין גוטער גערעטעניש.

האָב איך דען געהאַט אַ חלק פון דעם פאַרגעניגן פון דײַן באַשאַף, איך זאָל נעמען דעם פאַרוואורף פאַרן דורכפאַל? ווילסט אַז דאָרט וואו דו האָסט געפעלט אין פאָלקאָמענהייט, מיך מאַכן טראָגן דײַן פאַרדרוס?

נאַ דיר צוריק דײַן וואָג און דײַן נשמה. איך שפּאָט פון דיר! איך צוברעך די שווערד, וואָס איז געווען פאַר אַנדערע, צו דיר אין האַרץ אַרײַן!

האָסט דורכגעוועבט דורך מײַנע גלידער דעם פרילינג אין די

ערשטע טעג ווען איך בין פון דיר אוועקגעגאַנגען. — כ׳האָב אים געבערענגט צוריק. ווען איך האָב אים געפינען פאַרגייענדיג אין די זעלבע טעג, זייענדיג אין זיי אַריינגעשפּאָלטן ווי די זון אויפן הימל ווען זי פאַרגייט.

כ׳האָב דיר אַלץ געבראַכט:

דעם געוויש פון סודות וואָס מיין לייב האָט געקראָגן ווען דו האָסט מיך אַרויסגעשיקט אַלס טרוימער אין די רייפסטע טעג וואָס דו האָסט מיר געשיינקט.

כ׳האָב זיי נאָך ניט גענוצט, קענסט עס דערקענען. כ׳האָב ניט געוואָלט אין זיי לעבן, ווייל דו האָסט אָפּגענאַרט די כחות וואָס זיינען אין מיר געווען.

כ׳האָב אַמאָל געטראַכט: צילט ניט אַמאָל דיין באַשאַף אויס־צולײדיגן זיך מיט דעם וואָס מען גיט עס אוועק צו אַנדערע? פאַר־וואָס איז מען ניט גליקלאַכער ווען מען ליידיגט זיך אויס?

דו האָסט געקנאָטן דעם מענטשן זייער ניט באַרעכנט. האָסט באַלאָדן איינעם ער זאָל טראָגן פאַר אַ סך. זיינען דען ניט אַלע מער בכח?

נאַטור, פאַרוואָס האָסטו דעם מענטש פאַרן מענטשן ניט געקליבן ווי דו האָסט געקליבן די שפּראַך פאַרן מויל און דעם שאָרך פאַרן אויער? פאַרוואָס האָסטו ניט געמאַכט אַ סימן צו ווען מען זאָל גיין, אַזוי ווי דו האָסט געמאַכט אַז מען זאָל דערקענען אַ בוים ווען ער בליט, ווען ער איז גרין?

ביזט געווען שוואַך פאַלקאָם צו מאַכן דאָס ווערק פון מענטשן. מיט דעם וואָס דו האָסט ניט געענדיגט איינעם, האָסטו אָנגעהויבן אַ צווייטן.

איך בין געגאַנגען אויף ווייטע שטרעקעס פון דיין לאַנד און זיך צוגעהערט צו דעם ריידן פון די טאָלן. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט

ביים ווינט און זיך איינגעהערט, פיליַיכט וועל איך דערקענען דעם צייכן וואָס פעלט. אָבער אַלץ איז אַוועקגעגאַנגען.

היטנדיג האָב איך אַלץ פאַרלוירן און גאָרניט געקענט אויס־היטן. דאָס וואַרטן איז געווען פאַרפאַלן, איך האָב דעם איבערווּף פון דיין גאַנצקייט ניט געקענט דערכאַפּן.

כ'האָב דיר געבראַכט די וואָג און די שווערד און די נשמה, און אַלץ וואָס דו האָסט מיר געגעבן צו פאַרטיידיגן און מיט וואָס זיך צו שלאָגן. — איך וויל ניט זיין דיין דינער.

עס פעלט אין דיין ווערק וואָס איז געשטאַלטעט ווי אַ מענטש, אַלע וועלן עס אַלס עדות ווייזן. אָבער דו ביזט געווען געשיקט אַזוי אויסצואַרבעטן אַז מען זאָל עס ניט קענען אויסגעפינען.

נאַר, קאָן זיין, אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין כח. קאָן זיין אַז אין מענטשן פעלט, ווייל אין דיר פעלט. — זאָל איך וועגן דאָס, וואָס פעלט שוין פון פריער?

איך וועל זיכער ווערן אָפּגענאַרט. ניין, נעם זי צוריק: דיין וואָג! נעם אויך מיט מיין נשמה, ווייל זי איז גאָרניט ווערט אָן אַ וואָג.

דו האָסט געקנאָטן דעם מענטשן זייער ניט באַרעכנט, האָסט איינעם באַלאָדן ער זאָל טראָגן פאַר אַ סך, ביז וואַנען ער פאַלט.

צו דיר זאָל איך טראָגן דעם גאַל פון דעם זיין אויף דער ערד, דעם אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ פון דער מענטשלאַכקייט.

דו שיקסט איר אַרויס צו האָבן פאַרלוסטן, באַשאַפסט באַ איר טוגנדן זיי זאָלן פאַרלוירן גיין אומבאַפרידיגט.

כ'האָב דיר אַלץ צוריקגעבראַכט: דעם גלויבן און די ליב־שאַפט, די פריינטשאַפט און די נאַאיווקייט.

באַ דער אומשולד האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן. ווּעסט

מיר מוחל זיין וואס איך ברייננג זי צוריק א בלינדע, איך פיר ניט קיין באשעפענישן זיי זאלן מיר שטערן דעם וועג.

נעם דיינע מתנות און הענג זיי אן אויפן האלז פון א צווייטן נאר. זאל לאמען מיט דיין הינקעדיקייט א צווייטער, ניט איך.

און אויך דעם צוטרויען האב איך דיר צוריקגעבראכט. דאס איז געווען דאס שלימזל'דיגסטע באשעפעניש וואס דו האסט מיר געגעבן אויפן וועג. קיינער האט ניט געקראגן אזוי געקאפעט ווי אט דאס באשעפעניש. — דאס מייסטערווערק פון גדאנק האט געהערשט זעענדיג ווי אומגעלומפערט דאס איז געווען.

נעם זיי אלע צוריק און פיר זיי אין דיין באהעלטעניש אריין — די שאנדע, דיין שאנד זאל איך טראגן? — דינג א צווייטן.

איך האב אויסגעמישט מיינע ווערטער מיט גיפט און זיי געווארפן אויף דער שוים פון פעלד און טאל, צווישן דיינע תבואות, כדי זיי זאלן שפירן די שאנד וואס כ'האב דיר צוריקגעבראכט.

שעם זיך, דיין לוסט איז א לאסט, דיין ווילן איז א שטרויכלונג, דיין פייער איז ניט ווארעם, נאר געפאר.

און איך וועל פארגעסן וואס ס'איז געווען און וועל ווארטן בא די טויערן וועןדו וועסט מיך אריינגעמען צוריק — איך זאג זיך אפ, איך וויל דיין וועג ניט גיין.

פארשטעל מיך מיט די שאטנס פון דיין אוונט, כדי מען זאל מיך ניט דערזען. כדי דו זאלסט ווייטער קענען שיצן די וואס זיינען בלינד.

איך וויל פון קיינעם זיין פייער ניט פארלעשן. דו ביזט שטארקער דאס ניט צו לאזן. — זאלן זיי טראגן, מיינענדיג עס איז פאר זיי — די שטילע דינערס, די קוויטשענדיגע גייערס.

איך האב אלץ געזאגט וואס כ'האב געוואלט און וועל שטיין

באַ דיין טויער. ווען מיין צייט וועט קומען, וועל איך אַריינגיין מיט אַ שמייכל און מיט אַ זיפץ. און וועל דיר העלפן אַליין פאַר־מאַכן אים צוריק.

און איך וועל זיך אויסמישן מיט דער אייביקייט, מיט לוסט און אומלוסט, און — פאַרגיין ווי אַ וואָלקן וואָס הערט שוין אויף צו זיין ווען נאַכט קומט אָן צו דער ערד.

I

# דער גלוסט צום וועג

באנען־רעלסן, אויף אייער גלאנץ לויפט אוועק מיין ווילן צו רייזן; און איך שטיי איצט דא און קוק זיך צו מיט א שטילן צאפל מיין ווילן נאכצוגיין — מיין לוסט צו דערפילן.

איך קען נישט ארומגיין אין שטאט ווייל עס איז שוין לאנג ווי איך בענק אוועקצופארן אויף אייערע לאנגע וועגן וואס ציען זיך אן א סוף. צו שטעט און צו דערפער און נאך אמאל צו זיי — אזוי ווי עס איז די שפיל אין פרייקייט פון די וואס מען קען נישט צוימען.

מיין ארט איז מיר געווארן דערעסן און איך בין אומרואיג דערפון אוועקצוגיין. איך וויל ארייננעמען די פרעמדקייט פון ווייטן לאנד און באקוקן די ברייטקייט פון ווייטנס, כדי צו וואקסן מיט דער פרייד פון דער וועלט—מיט איר באשאף און מיט איר וואונדער.

אין אפגעזונדערטע פרייד רוט דאס הארץ מיט אומרו צו יענע טעג ווען עס וועט מקוים ווערן דער גלוסט פון מיינע בלוטן — דער חלום וואס איז באהאלטן אין מיינע אויגן, ווייל ווי אזוי אנדערש קען איך זיך איצט פרייען, וואס אנדערש קען באדייטן דער צאפל אין מיין נשמה?

איר גליטשיגע רעלסן. איר זענט דער שנור צו דער גרעסטער ווייטקייט — אויך איך בין עס אזוי. איז דען נישט דער מענטש א שנור צו דער גרעסטער ווייטקייט? מיר זיינען ביידע גלייך. דערפאר שטיי איך דא און קען נישט אוועקגיין, ווייל איך האב דערקענט מיין ענליכקייט אין אייך.

.2

האָסט מיך אַרומגענומען אומרו און לאָזט מיך נישט אָפּ. וואו איז דאָס אָרט וואו איך קען דיך אוועקנעמען כדי דו זאָלסט שטיל ווערן. וואו איז דאָס אָרט וואו דו ווילסט מיטגיין מיט מיר אז איך זאָל זיך באַרואיגן ?

איך וועל אַלעס צוליב טאָן. איך וועל פאַרגעסן אָן מיינע אייגענע און פאַרלאָזן מיינע פריינט, און מיטגיין אויף דיינע וועגן ביז וואַנען דו וועסט שטיל ווערן. זאָג וואָס איך זאָל טאָן, אומ״ו, און איך וועל עס טאָן. איך וועל טראָגן די שווערקייט פון קאַמף פאַר דיינעט וועגן אום צו דערגרייכן אַ ציל וואו איך זאָל זיך קענען אָפּרוען. וואו איך זאָל קאָנען פריש ווערן און כח האָבן דיך צו באַ־גענענען פון דאָס ניי.

דו ביזט דער באַשאַף וואָס מענטשן האָבן מיר איבערגעלאָזט, און דו ביזט דער באַשאַף וואָס מענטשן דאַרפן איבערלאָזן. איך האָב זיי פאַרלוירן און געבליבן באַ דיר. — און ווען איך וועל זיי אפילו צוריק וועלן געפינען, מוז איך אַלץ בלייבן באַ דיר.

דארום האָב נישט קיין מורא — איך וועל צוריק זיין דיינער. אָבער איצט בעט איך דיר פאַרלאָז מיך. איך וויל רוען פאַרלאָזן פון דער בעסטער טוגענד, ווייל זי האָט מיר שלעכטס געטאָן פאַר דעם גוטס וואָס איך האָב באַשאַפן.

.3

איך האָב קיין מאָל נישט געגלויבט דעם מענטשן און כ׳האָב אים ליב געהאַט. און איצט גלויב איך אים ווידער נישט און איך האָב אים ווידער ליב. פאַרשאָלטן זאָלסטו זיין נשמה פאַר דיין

צוויי זייטיקייט, ווייל דו האָסט דעם נישט־גלויבן און די ליבשאַפט געהאָדעוועט אינאיינעם און מיך קיין מאָל פון זיי נישט באַפרייט — בין איך דען אַזוי שטאַרק אַז איך זאָל זיי ביידע צוגלייך טראָגן ?

איך בין געגאַנגען צום מענטשן און כ'האָב געוואוסט אַז איך וועל גאָרנישט קריגן — און כ'בין געגאַנגען קריגן. ס'האָט מיך פאַרדראָסן אויף זיי און זיי זיינען מיר אַ שאָד געווען — גייסט מיינער! ווי אַזוי ביזטו דאָס געבוירן געוואָרן דו זאָלסט זיין אַזאַ פאַרזועניש ?

וואָס מער איך האָב געזוכט אַלץ ווייניגער האָב איך געפונען. דאַמאָלס בין איך אין יאוש געזעסן און באַדויערט מיין גייסט פאַר דער פולקייט און פאַר דער ליידיקייט. — פאַר דעם צוריק קומען אום־באַלאָדן און ווידער וועלן גיין זיך אָנלאָדן.

איך טראַכט אַ סך מאָל אַז איך בין אויך פאַרשאָלטן פונקט אַזוי ווי אַנדערע מענטשן. נאָר ס'איז אויף אַן אַנדער אופן. און אַזוי רו איך שעה'נ־ווייז פאַראַכטנדיק און ליבנדיק ביז וואַנען איך בין מוחל זיך און אַנדערע און הויב אָן דאָס שפּיל פון דאָס ניי.

.4

איך באַדויער די וואָס זיגן ווייל ערשט דאַמאָלט פאַלן זיי. ווייל אַ זיג מאַכט שווער דעם מענטשן און שטערט אים צו זיין פריי — ווייל ווער איז נאָך אויף אַזוי פיל שולדיג ווי די וואָס זיגן ?

דער נחת פון גייסט רוט אין דער געגנערשאַפט — ווייל דאָרט ווערט ער געשאַפן. און פון דאָרט וואַקסט די גערעכטיקייט — אפילו זי איז נישט גערעכט, איז אויך דאָרט איר געבורטס אָרט.

דאַריבער האָב איך נישט ליב די וואָס גייען אָנגעטאָן דאָס צירונג פון זיג — ווייל איך ווייס אַז די ערד פון גייסט איז בא זיי געוואָרן טרוקן און זיי ווערן בעל־חובות מיט דעם געווינס.

מיר געפעלן בעסער די וואָס קענען נישט זינגען ווייל באַ זיי קען מען אָפטער געפינען דעם אמת — ווייל ער איז זעלטן זינגבאַר. דערפאַר געפינט ער זיך מער באַ די וואָס זינגען נישט.

שווער איז צו געפינען איינעם וואָס זאָל זינגען און נישט פאַלן. דערפאַר זוך איך שוין אַזוי לאַנג אויף די וועגן וואו די שטאַרקע געפינען זיך — כמעט אַלע זיינען זיי געפאַלענע — נאָר צווישן די וואָס האָבן נישט געזונגען קען מען געפינען די נישט געפאַלענע.

.5

איך האָב ליב צו פאַרלאָזן דאָס פעלד כדי דערצו צו בענקען. איך האָב ליב דעם אונטערגאַנג פון טאָג — דאַמאָלט זע איך די טיפקייט פון חכמה.

אויך דעם מענטשן האָב איך אַזוי ליב — ווען ער זעט דעם ראַנד פון אָפּגרונט דערקען איך אין אים די חכמה. אין אַזאַ צייט קען איך אַ סך אָוועקגעבן פאַר אים — ווייל ער איז געלייטערטער איידער אין טומל פון טאָג.

אין דעם בין־השמשות, אין דער נאַטור ווי אין מענטשן, ליגט דער מאָרגן געזאַנג פון דער וועלט ווען זי רוט — דערפאַר האָב איך זיי ביידן ליב ווען זיי ווערן באַשאָטנט אין דעם העלן אונטערגאַנג פון זייער זיין, און איך קום זיי באַקוקן אין זייער אָוונט.

פול מיט עראינערונגען און מיט סודות קלאַפּן זיי אָן אין די טירן פון מיין גייסט און רופן אים אַרויסצוקומען.

און איך קום אַרויס און גיי מיט זיי אַוועק צווישן די געדרייטע וועגן פון דער זוכעניש, דערציילנדיג מיין ליבשאַפט וואָס איך האָב צו אַלעם וואָס האַלט באַם אונטערגיין.

# איך און דו

.1

איך וועל שטיין און ווארטן אויף דיין מענטשלאכקייט וואס זאל מיך ארומנעמען און אוועקלייגן רוען אין איר גענאד.

ווייל וואס פאר א באטרעף האט דאס לעבן אן דעם פלאץ וואס דו קענסט מיר שיינקען אז איך זאל זיך אויסליידיגן, כדי צו ווייזן וואס איך האב?

איך בין געגאנגען לאנג כדי דיך צו באגעגענען. אום זיך צו געבן צו דערקענען. א סך מענטשן האב איך געטראפן אויפ'ן וועג און זיי זיינען פרעמד געווען ווייל מיין נשמה האט זיך ניט געקענט עפענען.

איך וויל אויסבאדן מיין גייסט, אבער וואו קען איך עס טאן, אז איך געפין נישט קיין קוואל ריין גענוג; דערפאר בין איך גע־קומען צו דיר, ווייל פון דיר האט געשיינט די קלארקייט פון דער וויטנס.

.2

לאנג איז שוין ווי די נאכט האט זיך אויפגעכאפט, און איך הער זיך אין איר איין, קום דו צו מיר און טרייסט מיין זארג.

ווען דער מארגן קומט ארויס ווארט איך מיט האפנונג עמיצן צו זען, און ווען דער טאג גייט אונטער באדויער איך מיין פאר־לוסט.

אַ קום צו מיר! הערסטו ניט די בייַנקשאַפט פון מיין האַרץ?
דערקענסטו ניט די שפּראַך פון פאַרלאַנג?
דו וועסט מיר באַגעגענען אויפ'ן וועג דאָרט וועל איך וואַרטן, ווייל לאַנג איז שוין ווי איך האָב זיך מיט קיינעם ניט געפרייט; און איך וועל דיך אויפנעמען אַלס אַ גאַסט און אַלס אַ פריינט.

.3

פיל קאַלירנדיג שיינט צו מיר דאָס לעבן פון שפּעטער וואָס וועט קומען, ווייל אַזוי איז די בייַנקשאַפט פון מענטשן — אַזוי מוז עס זיין.
פיל זיינען די וועגן אויף וועלכע ער איז געגאַנגען און איינער מוז דאָך זיין דער ריכטיגער. ווי זאָל איך זיך ניט פרייען ווען מען וועט אים געפינען?
איך פיל דעם דופט פון שפּעטער, אַז ניט וואָלט איך היינט ניט געקענט אָטעמען. ווייל ווי קען דען אַ נשמה לעבן אָן דער אויס־שפּרייטונג צו שפּעטער?
און שוין איצט גרייט איך זיך, באַדנדיג מיין גייסט אין די אייגנשאַפטן וואָס וועלן אַמאָל קומען און איך פיל זיך פריש, ווי איך וואָלט מיט זיי היינט געלעבט.

.4

אַ, ווינט קום אַהער און גלעט מיין פּנים; און גנבֿ'ע זיך אריין דורך די קליידער צו מיין לייב, ווייל היים איז היינט דער טאָג און איך בייַנק נאָך דיר.
די זאַנגען האָבן זיך גאַרנישט געשאָקלט און דומפּ איז דער

ריח פון די בלומען. די ליפּן גלוסטן ניט צו ריידן און די זון איז ניט ליב, ווייל זי ברענט אַזוי.

וואו ביסטו ווינט מיט דיינע פליגלען? ווען עס איז קאַלט ביסטו דאָ — און ווען ס׳איז היים קומסטו אפילו ניט צוגאַסט.

ברוגז איז מיין האַרץ אויף דיר ווינט. און ווען דו וועסט זיך וועלן מיט מיר שפּילן וועל איך ניט וועלן — ווייל דו קומסט ניט היינט צו מיר.

שווער איז היינט דער טאָג אָנגעקומען, ווי ער וואָלט געווען פאַרשאָלטן.

דער ים איז אונטערטעניג און רוישט ניט מיט זיינע וועלן; און די מענטשן זיינען מיד, אָן דעם כוח אין זייערע אָרעמס.

אָ, טאָג, גיי אוועק, איך וועל זיך מיט דיר געזעגענען מיט גרויס פאַרגעניגן. איך וועל שוין אַן אַנדערן אויסקלייבן וועמען איך וועל בעסער ליב האָבן.

און דו ווינט זאָלסט געדיינקען וואָס דו האָסט היינט געטאָן, ווייל ברוגז איז מיין האַרץ און וועט זיך מיט דיר ניט וועלן איבערבעטן.

.5

די קולות פון קינדער זיינען די עכאָס פון דער אייגענער פאַר־נאַנגענהייט, דערפאַר האָב איך ליב צו הערן זיי שפּילן.

ווינטער רופן זיי פון ווייט, באַהאַלטן אונטער שניי און פראָסט. און די בייגקשאַפט וויגט איין די שטילקייט. זומער רופן זיי פון דער נאָענט, ווי דאָס פעלד, און די ביינקשאַפט טוט נאָך מער וויי, ווייל מען קען שוין מער קיין קינד ניט זיין.

די קלוגע זאָגן: יעדער מענטש איז אַ טייל קינד. אָבער וואו ווערט עס פאַרלוירן? איך האָב געזוכט מיין טייל קינד און ניט געקענט געפינען. ווי אַן עכאָ איז עס נאָר דאָ אין מיר, און נאָר דורך אַן עכאָ דערקען איך עס.

דערפאַר האָב איך ליב צו הערן ווי אַזוי קינדער שפּילן זיך, ווייל דאָרט דערקען איך זיך. — דאָרט געפין איך דאָס קינד וואָס איז אין מיר פאַרלאָרן געגאַנגען.

# דאָס געזאַנג פֿון לעבן

איך וועל וואַרטן בא די ברעגן פֿון טייך און אין וואַסער וועל איך זען אָפּשפּיגלען דיין געשטאַלט. „איך בין דו“ — זאָגן די קלוגע — דערפֿאַר וועל איך דיך דערקענען דורך מיין אָפּשפּיגלונג און עס וועט מיר היימלאכער זיין איידער דו וועסט קומען.

דו האָסט געטראָגן דעם גערויש פֿון טרייסט און דעם בליק פֿון דיינע אויגען; די רייפקייט פֿון דער רו האָט מיך פֿריש געמאַכט הערנדיק דיך ריידן. די פֿאַלדן פֿון דיין קלייד האָבן גערוישט מיט פֿריילאַכקייט; איצט האָב איך אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, וויל דו ביזט מער נישטאָ.

דורכגעשפּונען איז מיין פּנים מיט די שטראַלן, וואָס דיין געשטאַלט האָט אין מיר איבערגעלאָזט. מיינע שכנים דערקענען דאָס און קוקן מיר נאָך. אויך אויף זיי שלאָגט אָפּ די זאָרג פֿון מיין בענקשאַפֿט.

היינט האָב איך דערקענט אין דעם שמייכלען פֿון אַ קינד די ענלאכקייט צו ליבע. און איך האָב עס לאַנג געהאַלזט, און עס אָנגעוואָרימט מיט מיינע קושן. אָדער אפשר האָב איך זיך אליין אָנגעוואַרימט אָן דעם קליינעם מלאך׳דיקן באַשעפעניש?

איך הער דאָס גערויש פֿון שליסלען און איך פֿאַרשטיי, אַז וואונדערלאַכע טירן וועלן באַלד אָפֿן זיין, און איך זע דיך שטיין לעבן זיי: געמיטלאך ווינקסטו צו מיר מיט דער האַנט, נאָכצוגיין דיר דעם וועג, און איך קום צו דיר פֿאַרלאָזן פֿון דער בענקשאַפֿט און באַלויכטן פֿון פֿרייד.

מײַלנװײַז װאָלט איך געגאַנגען דיך װידער צו זען, און איך װאָלט דיר מיטגעברענגט אַ מתנה װאָס מײַנע געפילן האָבן פאַר דיר געקראַנצט; זײ װאָלטן מיט זײער שײַן דײַן האַרץ פרײלאַך געמאַכט און דײַנע אױגן מיט ליכט באַגאָסן.

איך בין זיכער, אַז דו װאָלסט געקושט מײַנע ליפּן, און מיר בײדע װאָלטן זיך אָנגעטרונקען מיט דעם װײַן פון אונזערע נשמות. װי די בלומען אונטער דער זון, װאַקסן די געפילן אין מיר, און איך לאָז דיך װידער איבעררעדן דײַנע אַלע װערטער, אַפילו דו ביזט נישט מיט מיר, און דײַן שטים גיט מיר װײַן צו טרינקען און װיגט מיך אײַן מיט אַ זיסן חלום.

איך דערמאָן זיך איצט די בערג, װאָס האָבן אַראָפּגעקוקט צו אונז. און מיר זײַנען געגאַנגען צװישן זײ מיט אונזערע בליקן אָנגעזאַפּט מיט דער פרימאָרגן־פרישקײט, און עס פלעגט דער װאַלד עכאָדיג אָפּקלינגען פון אונזער לאַכן.

איך זאָג דיר: שײן זײַנען געװען יענע צײַטן, װאָס רופן מיך נאָכאַמאָל צוריק, נאָר איך װאַרט אױף דיר, װײַל אײנזאַם װעט איצט זײַן דער װאַלד מיט מיר אַלײן און שרעקנדיג װעט מיר זײַן צװישן די בערג.

איך דערמאָן זיך, װי די זון פלעגט פײַערדיק פאַרגײן, איבערלאָזנדיג די בערג טראַכטנדיג, װי זײ װאָלטן געזוכט דאָס אײביגע רעטעניש פון אונטערגאַנג. און זײ פלעגן פאַרזינקען אײַנגעהילט אין דעם שרעקנדיגן אָװנט, װי אַלטע רעטזעלהאַפטע זקנים פון דער נאַטור, און איך פלעג אַזױ שטײן און קוקן און האַלטן זיך לעבן דיר, װי איך װאָלט פאַר עפּעס מורא געהאַט.

דו פלעגסט מיך אָנקוקן באַ׳סוד׳עט, און עס האָט זיך מיך געדאַכט, אַז אױף דיר גלאַנצן אָפּ די קאָלירן פון די פאַרגײענדיגע װאָלקנס: באמת, װען עס װאָלט ניט געװען דו, װאָס איך קען אַזױ, װאָלט איך אױך פאַר דיר מורא געקראָגן.

נאָך דעם האָט זיך דער טאָג אוועקגעצויגן פון די בערג, און מיר האָבן זיך ביידע אָנגענומען, און זייער שטיפעריש געוואָרן.

מיט פריילאכקייט האָבן מיר זיך דערמאָנט אָן די קי, וואָס פלעגן אנטלויפן פון פארם, און ווי דער פארמער לויפט זיי נאָך; דאָס זיינען שוין געווען קי, וואָס האָבן געהאט אין זיך מער מוט ווי גאסן מענטשן. מיר האָבן דאמאָלסט באגריסט די דאָזיגע בהמות, וואָס פילן אָן דעם מענטשן מיט אזא שפאס אין זיין וואָכעדיקייט, צו וואָס ער קאָן זיך זעלטן מיט אייגענע כחות דערהויבן.

נאָר איצט שטיי איך באם טייך און זיין וואסער גרייזלט זיך שטיפעריש. עס קאָלירט זיך איבער אים די ווידערשטימען פון קינדער, וואָס שפילן זיך ערגעץ ווייט. די בענקשאפט נעמט מיך ארום און קושט מיין שטערן, איך זע דיך לעבן מיר, און ביזט דאָך נישטאָ.

ווי שטראַלן אויף מיין געמיט הייננען אראָפ די בליקן, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, ווען דו האָסט זיך געזעגנט. און זיי דערזומערן מיין נשמה, וואָס גייט אויס פון אנגסט דיך ווידער צו זען, כדי דיך נאָך אמאָל צו האלזן.

שווער איז צו רוען די געדאנקען, וואו דו האָסט זיך פארוועבט; די נאכט איז אומרואיג און טרוימט דיין געשטאלט; וואָלסטו געווען, וואָלט די רו געקושט מיין פנים, איצט האָב איך שוין לאנג פארלאָזן דעם זיסן שוים פון שלאָף.

די זון איז געווען אפילו אין די נעכט, ווען דו ביזט נאָך בא מיר געווען, איך פלעג זי זען אדורכשטראלן אין דער פינצטערניש פון די וועלדער, צווישן די ביימער, און איך פלעג לאנג נישט וועלן אוועקנעמען מיינע אויגן פון דעם.

און דו ביזט געגאנגען אזוי שטאָלץ און שטיל צווישן זיי. אזוי ווי דו וואָלסט שפאצירן, און אין דיינע הענט האָסטו גע־

טראָגן אַ בינטל גאָלדענע שטראַלן פון דער זון און איך האָב זיך געוואונדערט צו וועמען דו קענסט זיי טראָגן. נאָכדעם האָסטו זיי אַוועקגעלייגט לעבן זיך און געוואַרט פאַר אימיצן, און דאַמאָלט איז די זון אָפּגעטראָטן און דער וואַלד פלעגט צוריק ווערען פינצ־טער, און איך פלעג בלייבן זיצן פאַרטראַכט.

וואונדערלאך איז געווען יענער לעבן, וואָס דיין געשטאַלט האָט אויסגע׳כשופ׳ט און פול מיט זאָרגלאָזיקייט; די בערג האָבן גע־שמעקט מיט די כחות פון חודש יוני, ווען דער פרילינג ווערט צייטיק און קושט די אויגן פון דער נאַטור, און מירביידע האָבן זי געאָטעמט מיט פולע ברוסטן, און זי שטיל געבענטשט.

מיר פלעגן זיצן פאַרדעקט פון געדיכטע בוימער, וואָס דורך זיי פלעגן די בלעטער רוישן מיט פאַרשיידענע מעשיות און די שטאָט האָט זיך אונז פאָרגעשטעלט ווי זי וואָלט גערופן מיר זאָלן צוריק קומען הנאה האָבן פון אירע שפּילערייען.

די שטאָט, וואָס טראָגט דעם מענטשן ווי אַ שיף אויף שטור־מענדיגע ים׳ען און זעטיגט זיינע ליידנשאַפטן, און רייצט דעם באַגער, — זי, וואָס באַרוישט דעם מענטשן מיט הוימלאַכקייט און באַוואַרפט אים מיט בלומען פון אַלערליי פאַרגעניגנס.

אָ, איך געדענק גוט, די נעכט וואָס האָבן נישט איינמאָל אָנגע־זעטיגט מיין האַרץ, און מיך פאַרשכורט מיט זייערע שפּעטע שעה׳ן.

איצט זיינען מיר צוריק אין איר, נאָר ווייט אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן, און די שטילע בערג פון אַמאָל זיינען איצט פרייליך. דאָרט גייט זי אַרום, די פריילאַכקייט, און וואַרט אויף אונז. הערסטו נישט איר אָפּקלאַנג אין דיין נשמה? פילסטו נישט דעם ציטער, מיט איר ווידער צו זיין?

ווי וואונדערלאך פיל איך איצט דעם פלאַם פון מיין נשמה. די וועלט שפּילט צו מיר מיט פילע פידלען און פון יעדן פידל הער

איך א באזונדער וואונדערלאכע ליר, איך ווארעם זיך בא דעם פייער, וואס איז אין מיר באהאלטן.

איך שפיר דיך, לעבן, אין מיר, און איך קוש דיך היים, דו קליינע, קום צו מיר! מיינע ארעמס ווארטן דיך ארומצונעמען און מיינע אויגן זוכן שוין לאנג דעם וועג וואו דיך צו באגעגענען.

לאנג שוין ווי איך ווארט דיך צו זען. די מענטשן זיינען שוין לאנג שלאפן געגאנגען און ליידיג זיינען געווארן די וועגן, איך וועל אבער נישט מיד ווערן און דיך אפווארטן, ביז וואנען דו וועסט זיך באווייזן אויפן וועג, ביז וואנען די לבנה וועט מיט איר ליכט דיך באגעגענען, איילנדיג זיך צו מיר.

## ווען צווייגן רוישן

געמיטלאך האט זיך היינט דער האס אוועקגעזעצט נעבן מיר און געשמייכלט. מענטש, דו האסט מיך באמת ניט ליב? — האט ער געפרעגט. — בין איך דען דיר נישט דאס פייער, ביי וועלכן דו ווארימסט זיך און דערזעסט דיין גערעכטיקייט? בין איך דען נישט דאס מעסער, וואס דו שטעכסט אריין אין דיינע שונאים? און דאך הער איך דיר זאגן, אז דו האסט מיך נישט ליב, דו שעמסט זיך מיט מיר, ווי איך וואלט עפעס געטאן א שווארצע ארבעט, דו נוצסט מיך אויס פאר דיין פריינד און דו טראגסט מיר פארשטעלט אונטער דיין מאנטל. איז דאס דיין לוין פאר די, וואס שטארקן דיין מוט און שיצן דיך? האב איך דען נישט ווייך געמאכט דיין געלעגער אין צייט פון נויט? און צו האב איך דיך פארלאזן, ווען מ׳האט דיר געוואלט שלעכטס טאן? איך בין מיטגעגאנגען אין דיינע שלאכטן, און כ׳האב דיר געהאלפן שעלטן, און דאך פארלייקנסט דו מיך, ווי איך וואלט געווען א ממזר נישט קיין קינד פון דיין נשמה.

וויפיל מאל האסטו געבענקט נאך מיר, ווען איך האב דיך פארלאזן? וויפיל מאל האסטו אין דיין שוואכקייט געבענטשט די יעניגע וואס קענען האסן?

וויפיל מאל האב איך דיר געגעבן קראפט, ווען דו האסט שוין קיין כח ניט געהאט צו שטיין אויף די פיס, איך האב דיר אלע מאל אין א נויט ארויסגעהאלפן און דו האסט זיך באהאלטן מיט מיר, גלייך דו שעמסט זיך...

איצט זע איך ווי דו זיצט שפיגלענדיג זיך אין דעם הימל׳ס

קאַלירן, דער טאָג געזעגנט זיך, אַוועקגייענדיג איבער דער שטאָט, גרייכנדיג צו די שפּיצן פון די וואַלד בוימער, אויפהויבנדיג זיך און שוועבנדיק פאַרהילט אין שאָטנס, ווי אין שלייערס, וואָס דער אָוונט האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן, און דו טראַכסט פון אַלעמען, נאָר אָן מיר האָסטו פאַרגעסן, — מיך — האָס — דיין נאָנטן פריינט, האָסטו אַפילו קיין גאַנצן געדאַנק נישט געשאָנקען.

אָ, האָס, דאָס ביזט דו? איך האָב דיך קוים דערקענט, דיין שפּראַך איז דאָך אַלעמאָל אַזוי פאַרביסן און ביטער, און איצט קלינגט זי אַזוי לאַשטשנד.

גוט וואָס איך זע דיך איצט, גוט וואָס דו ביזט געקומען צו מיר צו גאַסט, מיין האַרץ איז איצט שפּילעוודיג און אויפגעלייגט. און זומערדיג רוישן זיינע פאַרלאַנגען, פליסנדיג ווייט אַוועק צו דער אומענדלאַכקייט פון מיין נשמה, און איך קוק זיך צו מיט לוסט צו זייער פלוס, און איך הער זיך איין אין זייער מורמלען. קום צו, שטעל זיך אויך אַוועק, און קוקנדיג וועלן מירביידע רעדן.

זעסטו דאָרט ווי דער הימל שפּילט זיך מיט זיינע וואָלקנס? ווי פאַרשיידנפאַרביג זיי זיינען, פונקט ווי שפּילצייג ביי אַ קינד?

אין דער גאַנצער נאַטור איז דאָ עפּעס קינדישעס, דערפאַר וואַקסט זי. יאַ, מיין ליבער פריינד, דערפאַר איז אַלעס אַזוי פריש.

מיין פריינד האָס, ווען דו זאָלסט וויסן ווי עס ווילט זיך איצט מיין נשמה איינשלאָפן, כדי אַזוי, צווישן חלום און וואָר שטאַרקער זען די אַנטפּלעקונגען פון דעם לעבן. ווען דו זאָלסט וויסן די בילדער וואָס איך זע, ווי איך וויג זיך אויף די ענג־שטריק פון מיין גייסט, איבער ברייטע אומענדלאַכקייטן, וואָלסט דו, פאַר שמחה, אוים האָס געוואָרן.

אָ, קום, שטעל זיך אַוועק נעבן מיר, דו וועסט זען ווי די פאַרבן פון די וואָלקנס שפּיגלען זיך אין מיר אָפּ, ווי די פאַרבן פון ים שלאָגן

זיך אָן אין מיר, ווי די גרינקייט פון וועלדער איז אויסגעמישט מיט דער שטילקייט פון וויסטעס, כדי איך זאָל בעסער הערן די שפּראַך פון מענטשן.

הערסט דו דען נישט אַ געוויש, וואָס דערנענטערט זיך צו אונז. דאָס איז דער גרונט וואו איך דאַרף זיך אַרונטערלאָזן און נאָך אַ סך לייכטנדע באַשעפענישן פון דאָרט אַרויסנעמען.

גראָד אין דיין אָנוועזנהייט דערמאָן איך זיך אין דער ליבשאַפט. איז דען נישט איר פאַרגעניגן מער ווערט ווי דיין פאַרגעניגן? אַ סך מאָל ביזט דו נויטיג, מיט דיר הערט מען אויף צו זיין אונטערטעניק, אָבער מיט דער ליבשאַפט טרינקט מען דאָס לעבן, דו ביסט דאָס ברעכאייזן פאַר אַ פרייען לעבן. זי איז דער אינהאַלט פון דיין כח, און אויך פאַר דעם וועג וואָס דו עפנסט. דורך איר און פאַר איר ביזטו שטאַרק, זי איז דער וואָרצל אויף וועלכן דו וואַקסט.

אָ, גלויב מיר דאָס, אַז דער גרונט פון מענטשן, זיין בעסערער טייל, איז געניינגט צו שיידן זיך מיט דיר; ער מוז דיך האָבן ווייל זיינע וועגן זיינען נאָך נישט זיכער, דו ביזט געבוירן געוואָרן איבער טיפע אָפּגרונטן, וואו ער האָט זיך געשראָקן אַריינצופאַלן, און וואו ער איז נישט איינמאָל פאַרפאַלן געוואָרן. דו ביזט אַרויסגעקומען פון זיינע געפאַרן, פון די וועגן, וואו עס האָט געלויערט די גזלה איבער זיין גוף, און ווי אַ שפּיז האָסט דו אים באַשיצט פון שונאים.

אָבער עס פּאַסירן צייטן, ווען דער מענטש טוט אויס די מורא, דעמאָלט, ווען געפאַרן ווערן אים אַ לאַסט און ער טוט זיי אויס פון זיין גייסט, ווי אַ יעגער, וואָס טוט אויס זיין ביקס, ווען ער ווערט באַגייסטערט פון דער נאַטור און ציט זיך אויף איר אויס מיט רו און הנאה, דעמאָלט, ווען דער מענטש האָט דעם ריינעם פאַרגעניגן פון דעם זיין, דעמאָלט קען זיך דער מענטש מיט דיר נישט פאַראייניגן.

דערפאַר זיי מיר מוחל, וואָס איך פאַרגעס אין דיר מאַנכע צייטן. ס׳איז נישט פאַר פיינדשאַפט; נאָך וואָס זאָל איך דיך פיינד האָבן, אַז דו קומסט צו מיר. ווען נאָר איך דאַרף דיך?

יאָ, איך ווייס, אַז דיין יחוס־צעטל שטאַמט נאָך ווייטער ווי פון וועג פון די געפאַרן. דו האָסט דאָך דער ערשטער זיך אַקעגן געשטעלט קראַנקייט און טויט. דו ביזט באמת אַ שטאָלצער און אַ רעבעל. איך האָב דיך ליב דערפאַר, איך קען נישט פאַרגעסן דיינע פאַרדינסטן, פאַר וועלכע איך דריק דיך נישט איינמאָל צו זיך מיט אַכטונג.

נישט איינמאָל ביזטו געוועזן ווי אַ זון פאַר נייע וועגן, און ווי אַ האַק איבער פאַרשלאָסענע טירן פון לעבן. דו ביזט גרויס, דו ביזט וואונדערלאַך; אָבער נאָר אויף צום נוצן, נישט צום חבר׳ן זיך.

עס זיינען דאָ צייטן, ווען איך פיל, אַז דו וואַקסט איבער מיר ווי אַ כח, אין וועמענס אָרעמס איך רו מיט באַפרידיגונג. דאָס איז דאַן, ווען די ליבשאַפט צום מענטשן רופט מיך, און ווען דער עקל צו אים שטויסט מיך אָפּ. דעמאָלט ביך איך נאָר מיט דיר אַליין, און עס קומען צו מיר נישט קיין אַנדערע טוגענדן.

דו וואוינסט דעמאָלט אינגאַנצן אין מיר, האָסטו שוין אַמאָל געזען ווי לאַנד ווערט פינסטער, ווען אַ שטורם דעקט עס צו? אַזוי איז, ווען דו קומסט אָן, און ס׳ווערט לייכטער, ווען דו טרעטסט אָפּ. ניין, האַס, נישט איצט קען איך זיך מיט דיר אָפּגעבן. די זון פון אַנדערע טוגענדן לייכט אויף מיין געמיט.

אָ, מענטש, ווי קענסט דו צו מיר, האַס, אַזוי רעדן?!

בין איך דען נישט אמת׳ער ווי די ליבשאַפט? זי איז אונטערטעניג און בייגט אַ סך מאָל אַראָפּ דעם קאָפּ צוליב אירע קאַפּריזן וואָס זיינען קעגן אמת; אָבער איך בין קיינמאָל נישט אונטערטעניג. מיין קאָפּ האַלט איך פאַר׳עקשנ׳ט אפילו, ווען מען בייגט אים אַראָפּ.

זעסטו די פעלדער פון ברויט און קולטור, וואָס מענטשן האָבן פאַרזייעט? דאָס האָב איך זיי אָנגערייצט אָקעגן דער נויט. און ווען זיי אַקערן, איז דען דאָס נישט איך, וואָס באַגלייט זיי אָקעגן הונגער? ווען נישט איך וואָלטן זיי דען געאַקערט?

דאָרט וואו איך בין דער גרונט איז דאָס בעסטע פון מענטשן באַשיצט, און דאָך האָבן מיך מענטשן נית ליב. ווען זיי דערמאָנען מיין נאָמען, און דו האָסט אויך איצט אָן מיר פאַרגעסן.

דו זיצט און זוכסט מיט בענקשאַפט די טוגענדן פון דיין נשמה. בין איך דען נישט קיין טוגענד, מיט וועמען עס איז ווערט צו גיין ביינאַנד? מיר ביזטו שוין פון טראַכטן; קענסט אַלץ נישט דאָס גוטע געפינען, און דער אָוונט פאַר׳גנב׳עט זיך אין דיין פנים, ווי ער וואָלט זיך מיט דיר אויסגעמישט. ווילסטו דען נישט פריילאַך ווערן מיט מיר?

האָס, ווי שיין דו רעדסט, און ווי קלוג. מען קען אויך נישט זאָגן, אַז דו ביזט אומגערעכט. זע ווי די זון גייט אַוועק דורך די וואַלד בוימער, און אין וואַלד ווערט שטיל. זעץ זיך דאָ נעבן מיר אַוועק און זאָלן מיר הערן דאָס רוישן פון די בוימער, אפשר וועסטו אויך פאַרשטיין פאַרוואָס דו גייסט אַוועק, ווען דאָס געמיט איז רואיג.

ס׳איז אמת, אַז דער מענטש באַוועגט זיך אין אַ שטופּע פון אויפגאַנג און אונטערגאַנג, און דו באַגלייטסט אים, כדי עס זאָל אים גרינגער זיין דער אָנגעצייכנטער וועג, אָבער ער וויל נישט וויסן פון דעם פּראָצעס פון דער נאַטור, און פאַרהאַסט דעם אונטערגאַנג, און האָט נאָר אין זינען דעם אויפגאַנג. דערפאַר האָט ער אַ ווידערגע־פיל צו דיר, ווייל דו דערמאָנסט אים אָן אונטערגאַנג. יאָ, ער פאַר־געסט אין פּראָצעס און זעט נאָר איין וועג — נאָר דעם אויפגאַנג, און ער שטעלט זיך פאָר ווי דאָס לעבן בליט, בליט, בליט און בליט.

דעמאָלט מוז ער פאַרגעסן אין האַס, דערפאַר האָב איך אין דיר היינט פאַרגעסן.

גיי האַס, פאַרלאָז מיך; איך וויל איצט זיין אליין און זיך איינהערן צו דער שטילקייט וואָס דער וואַלד רוישט אַרויס. כ'וויל זען, וואָס ער פאַרדעקט, וואָס ער האָט אין זיין איינזאַמקייט באַהאַלטן.

איצט איז נישט די צייט, אַז דו זאָלסט זיך ביי מיר געפינען, ווייל איך הער די שפּראַך פון וועג פון אויפגאַנג. איך זע נאָר ווי אַלעס גייט אויף, אָבער קיין זאַך גייט נישט אונטער.

כ'וועל אָבער בענקען נאָך דיין געטריישאַפט, און אַז עס וועט מיך ווער אָפּשטעלן אויפ'ן וועג, וועל איך דיך אַרומנעמען און האַלזן, ווייל דו וועסט מיך אָנפילן מיט געראַכטיקייט און ווידער געבן כח צו גלויבן און האָפן אויף דעם וועג פון אויפגאַנג.

# אין שטילקייט

איך וועל רוען ביים וועג, וואו דער ווינט לויפט דורך און שאָקלט די הויכע זאַנגען; איך האָב ליב צו זען ווי ער באַהאַלט זיך צווישן זיי, און קומט צוריק אַרױס אַוועקלויפנדיג ווייט־ווייט צום שליאַך פון די פעלדער.

אזוי רוט מיין געמיט און טוט פון זיך אוים אַלע שווערקייטן, ווייל ווער וויל דען זיין באַלאַדן אויפ׳ן שוים פון דער נאַטור?

איך קום זיי באַזוכן די פעלדער אַלע מאָל, ווייל אין זייער ווייטקייט זע איך מיין אומענדלאַכקייט אין דער וועלט — פון מיר מענטש צום מענטשן — און איך קען שאַפן מיט ליבשאַפט, און איך קען שטאַרבן מיט ליבשאַפט.

דאָ בין איך געשטאַנען ביים טייך און געהערט דאָס סווישטשען פון די פאַרבייפליענדע פייגל, און איך האָב אַריבערגעקוקט אויף יענער זייט וואו די זון שטראַלן זיינען אַוועקגעגאַנגען באַגלייטנדיג דעם טאָג.

פיל זיינען די טעג וואָס זיינען אַוועק פון דאַמאָלסט, און צו־זאַמען מיט זיי א פרוי וואָס פלעגט מיט מיר מיטגיין צום טייך. נאָר דאַן, ווען איך קום דאָ אַהער דערמאָן איך זיך אין איר, און איך בייג אַראָפּ דעם קאָפּ באַשווערט פון אַמאָל.

ווי אַמאָל זע איך ווידער בלאָנדזשען דאָס זון ליכט דורך די בוימער און יענע טעג קומען צו נאָנט צו מיר, איך דערקען זיי און שמייכל, און באַגרים זיי. אָ, עס איז ניטאָ דאָ אַזאַ שטילקייט ווי די פאַרגאַנגענהייט, און ניט אַזוי רעדעוודיג ווי זי. אַ סך געשיכטן

דערציילט זי מיר און קיינער שטערט ניט, און שפּילנדיג ציט זיך דאָס וואַסער אוועק מיטנעמענדיג מיין בליק ווייט אריבער די לאַנקעס.

ווען דער ווינטער קומט פיל איך דעם ריח פון פרילינג, און ווען דער שניי פאַלט שפּיר איך דעם זומער. אַלעס איז ביי מיר איבער דער צייט. אזוי נאָר קען איך וואַקסן, אַז ניט וואָלט מיר געווען לאַנגווייליג.

איך האָב ליב די צייט, ווייל זי קען אַלעס ברענגען, דאָס מענ־לאַכע און דאָס אוממעגלאַכע. זי טוט צוליב מיין האָס און מיין ליב־שאַפט, דערנענטערנדיג זיי צו אַ פּונקט אויף איר גרויסן וועג.

דאָס גרעסטע איז באַשאַפן געוואָרן אין צייט און קיינער האָט מער ניט געגעבן ווי זי, ווען אַלע האָבן געגעבן צוביסלאַך האָט זי געגעבן דאָס גאַנצע, דערפאַר בענטש איך די צייט.

און זי קאָן געליבט ווערן, זי איז דאָס ווערט, אַ סך געשאַנקען האָט זי אונז געגעבן, דערפאַר, מענטש, פריי זיך מיט איר קומען און קוש אירע ברעגן ווען זי פאַרלאָזט דיך.

איך קען מענטשן גוט, און דאָך האַלט איך זיך אין וואונדערן איבער זייערע מעשים. איך דערוואַרט דאָס שלעכטס, און ווען עס קומט, איבערראַשט עס מיך. באמת, איך מוז נאָך זיין אַ גלויבער אין דער מענטשלאַכקייט.

איך וועל זיך געזעגענען מיט אַלעמען און ניט גיין צו קיינעם. סע איז מיר שוין דערעסן די דערוואַרטונג פונם מענטשן, ווייל ער קאָן גאָרניט געבן. דערפאַר וועל איך אוועקגיין און גאָר ניט וועלן.

די קלוגע אַנטווישן פּונקט ווי די נאַראָנים, און ביידע קענען זיי גלייך נעמען. הגם בא איינעם קען זיין די פיל קלאָריקייט פון גייסט.

איך בייַנק נאָך אַ מענטשן צו זיין מיט אים אין פּשטות. ניט ער און ניט איך זאָלן מאַכן פאַרשיידענע קונצן. דאמאָלסט וועל

איך זיך פרייען און קריגן באַצאָלט פאַר דעם וואָס איך האָב פאַר־לאָרן, און איך וועל בענטשן די טעג וואָס וועלן מיך באַזוכן.

אַמאָל, אַמאָל, פאַרבייענק איך זיך נאָך מוזיק, ווען איך האָב איר שוין לאַנג ניט געהערט, דאַמאָלסט קום איך צו איר שעמעוודיג צו גיין, ווייל ס'איז אַ זינד אַזאַ גוטע טרייסטערן ניט צו באַזוכן — און איך בייג אַראָפּ מיין קאָפּ פאַר איר מיט שולד.

און ווען זי שפּילט פאַר מיר, איז זי מיר אַלעס מוחל, זי לייגט מיך אַוועק פאַר'חלום'ט אין דעם גערוך פון מאָרגן לופט, וואָס קומט אַרויס פון דעם יונגן מאָנאַט מאַי, און איך שפּיר נאָך אַמאָל דורך מיין יוגנט, ווי איך וואָלט צוויי מאָל געלעבט.

איך שפּיר דעם ריח פון פרישע פעלדער, און דעם אימפּעט פון דער באַן, אויף ווייטע וועגן, איך פיל דעם לויף פון אַ גייענדיג וואַ־סער, וואָס איילט זיך דורך גרינע דערפער, גנב'ענדיג זיך דורך שטיי־נער, — דורך פעלזן, מורמלענדיג באַ'סוד'עט.

דאַמאָלסט טראַכט איך, מוזיק איז דאָס בעסטע וואָס קומט אַרויס איבער דעם מענטשן, ווייל דאָס שאַפנדע וויל ניט ליגן אין קיין נעסטן און עס מוז אַריבערגיין, אַריבערפליסן, כדי אַנדערע זאָלן עס טרינקען. און איך שטיי און שעפּ — און טרינק, אַריבער־געבויגן איבער איר קוואַל.

אַ קאַלטער ליבהאָבער בין איך, און אויך די בעסטע מוזע פון די מענטשן, הער איך זעלטן, דערפאַר אָבער ווען איך קום זי באַזוכן, האָט מיין נשמה פאַר איר צוגעגרייט אַ סך מתנות, און ווען איך גיב דאָס צו איר, לאָזט זי מיך טרינקען פון איר קוואַל, און מיר לעבן ביידע בשלום.

---

עס איז ניט דאָ וואָס צו באַדויערן דעם מענטשן, ווייל ער האָט גאָרניט, און דאָך באַדויערט מען אים פאַרוואָס ער זאָל גאָרניט האָבן. עס איז דאָ אַ ביינקשאַפט ער זאָל אַנטהאַלטן אַ סך טונעגרן

און אין דער זעלבער צייט איז עס אזוי ווי אוממעגלאך, ווייל עס איז אים שווער צו טראָגן איינינגע. דערפאר איז דער ווילן אריינגעפאסט אין צער.

איך האָב היינט אויסגעטאָן די זאָרג פון מיין נשמה און גע־נאָגגען אין גאנצן פארגעסן אָן זיך אליין — דער וואָס רעדט פון טוגענד פעלט זי אים — דער וואָס האָט זי קען זי ניט באנוצן. שווער איז דאָס לעבן פאר די פיל טראָגנדיגע, ווי פאר די גאָר ניט האָבענדיגע.

איך וויל ניט זיין מיט זיך אליין. איך וויל פארגעסן אָן מיין אָנגעלאָדענעם גייסט, ווייל ער שווערט מיך אראָפּ מיט זיין ברכה, ער איז געוואָרן צו מיר ווי אַ קללה.

שלעכט איז צו זיין פרוכטבאר און זיין באלאָדן נאָר פאר זיך, פרעמדע הענט ציען זיך צו פארפוילטע פרוכט און צו מיר דער־גרייכן זיי ניט. פאר מיין עכטקייט האָבן זיי מורא, ווייל איך בין ערנסט. איך לאָז זיך ניט בויגן ווען איך שפיל זיך.

ניין, איך באדויער ניט דעם מענטשן אין שטונדן פון קלוג־שאפט. און דאָך האָב איך רחמנות איבער זיין שוואכקייט. אפשר איז דאָס מיין ליבע וואָס באגלייט מיך, וואָס שטערט מיין האָס צו פארניכטן מיינע טרויעריגקייטן.

איך וועל זיך אוועקציען איבער די וועגן פון דער איינזאמקייט און פארגעסן אָן די מענטשן. די שטילקייט פון פעלד וועט מיך פאר'חלום'ען און אזוי נאָך פארוויגן אין דער פארגעסנהייט פאר מיר און פאר אנדערע.

# מענטש און ים

## 1.

געבענטשט זיי רו. דו קוקסט צו מיר אראָפּ פון די וואָלקנס, און אויף פלאַנצן האָסטו דיין נעסט. דו גלעטסט מענטשן מיט דיין געמיט און עס בענקען נאָך דיר די וואָס דו האָסט פארלאָזן.

ווי טוי, אזוי באַדעקסטו די מענטשן פאר זייער ווידער־וואוקס צום לעבן, אַ דו גרויסע ברכה, לאַנג מוזטו שוין זיין אויף דער ערד, ווייל זיי האָבן דיך אַלע מאָל נעדארפט.

זאָג, ווער האָט דיך שוין נישט גערופן? דער קרינסמאַן וואָס איז געפאַלן באזינט; דער אַלטער וואָס האָט געטראָגן די שרעק פון טויט; די יונגע וואָס האָבן אויסגעבערענט זייערע נשמות ווי די שטורקאַצן; דער וואנדערער און דער היים זיצער — איז ווער געווען וואָס האָט דיך נישט געוואָלט?

ווי אַ טרייסט און ווי וויין ביזטו פאר זיי געוועזן. דו האָסט באוואכט זייער ניי־געבורט צו אַ פאַרטזעצונג פון לעבן.

קום דו איצט צום ים און זיי מיט מיר, ווייל איך בין אומרואיג. עס זיינען דאָ אַ סך צייטן ווען איך שרעק זיך פאַר אים און דו ביסט מיט מיר ניטאָ, ווייל פיל זיינען די עראינערונגען וואָס רינגלען מיך ארום און קיינער וואכט ניט איבער מיין אומרואיקייט.

## .2

די רחבות פון ים שטעלט מיט זיך פאר די ברייטקייט פון מענטשלאכע זוכענישן וואס זיינען אלע מאל אן א גרענעץ. און אויך דער שטורם; ווייל פונקט אזוי ווי דער מענטשלאכער צארן איז ער — פונקט אזוי ווי די מענטשלאכע אומצופרידנהייט איז ער.

איך טראכט א סך מאל אז דער מענטש האט גענומען זיינע איינגנשאפטן פון ים, און א סך מאל, אז עס איז פארקערט. ווער קען דאס וויסן? זיי האבןביידע איין ענלאכקייט, ווי זיי וואלטן ביידע געזוכט אויף איין וועג.

דו ים, ברייט איז דיין וועג, און מען ווייסט ניט וואו דו פירסט אוועק, ווייל קיין לאנד איז ניט קיין גרענעץ צום מענטשן. פונקט אזוי ווי ער ביזטו: מיט דער מילדקייט און שפילעוודיקייט און אומזיכערקייט, ווען דאס הערט אויף.

## .3

ווען איך האב דעם ים באקוקט האב איך געזען ווי עס רוט אויף אים די מורא, דאמאלט איז מיר קלאר געווארן א סך זאכן און ער האט מיך דערשראקן צום ערשטן מאל.

דו ביסט די מוטער פון אלע וויסטעס. אויף דיר באהאלט זיך דער כוח פון ברוטאלקייט. ווען איך זע ווען דו ביזט בייז, פארשטיי איך די רציחה פון מענטשן.

קאלט איז די לבנה ווען זי שיינט אויף דיר. און ווען זי גייט ארונטער אונטער די וואלקנס איז זי אזוי ווי א גנב.

מאנכעס מאל דאכט זיך מיר אז אויף דיר רוט דער צער פון מענטשן. דאס איז דאמאלט ווען עס איז רעגנדיג. דו ווערסט אזוי

פינסטער און באַגראָבן אין זיך ווי מענטשן וואָס ליידן אַ סך און דענקען טיף — אַ, פונקט אַזוי ווי זיי ביזטו.

זאָג, ים, ביזטו ניט טיף אין דיין טראַכט? אויך אַזוי איז דער מענטש.

דאָס רוישן פון דיינע וועלן איז אַ שפּאָט, אַ צולהכעיס דעם מענטשן, דו האָסט נאָך קיינמאָל ניט אויפגעהערט זיך צו שלאָגן מיט די ברעגעס וואו מענטשן וואוינען, ווי דו וואָלסט זיי געשראָקן.

שטונדן זיץ איך דאָ. טעג, וואָכן. און איך הער זיך צו צו דיין שפּראַך.

גרויס איז די נעהיימנים וואָס רוט אויף דיין שויס, וואָס קוקט מיך אָן און שמייכלט און לויפט אַוועק, ווי עס וואָלט מיך גענאַרט מיטצוקומען.

און מיט דיינע וואַלן רוישסטו ריידנדיג צו מיר די שפּראַך פון נייגיר.

.4

איך וועל אייביג דאָ אַהערקומען און דיך פאַרשן, ווייל דו ביזט איננאַנצן אַזוי ווי דער מענטש. אַזוי ענלאַך ווי אַ שפּיגל אין וועלכן עס געפינט זיך זיין געשטאַלט.

די וואָלקנס וואָס זיינען איבער דיר זיינען אויך ביים מענטשן דאָ. און די פרייילאַכקייט און דאָס לייכטע געמיט. ווען די זון שיינט לאַכסטו מיט דיינע ברייטע מיילער אויף די וואַלן, און דו לויפסט צו צום ברעג שפּילעוודיג, אַזוי ווי אין טאַנץ.

און איך זיץ דאָ נעבן דיר און קוק זיך איין, און הער זיך איין צו דיין שפּראַך.

איך ווייס אַז דו ביינקסט צום מענטשן, ווייל נאָך וואָס קומסטו צו זיינע ברעגעס? דו קלאַפּסט און דערציילסט מעשות, און דו

וואַרטסט ביז וואַנען ער קומט דיך אַרויס באַקוקן און זיך צוהערן;
אַ ים, איך קען דיך גוט.

דיר איז אומעטיק אויף דיין ברייטקייט, און לאַנגווייליק אויף
ווייטע וועגן. מיט וועמען קענסטו דען ריידן? מיט די פינסטערע
נעכט וואָס רוען אויף דיר, און מיט דעם ברייטן הימל? דערפאַר
רופסטו דעם מענטשן רוישנדיק ביי דיינע ברעגן.

.5

ווען איך טראַכט פון ים הער איך זיין רוישן ווי פון ווייט. ביינק
איך ביז וואַנען איך מוז אים באַזוכן. איך האָב ליב זיין רחבות,
און מעג ער ווי רוישן מיט די וואַלן, דערקען איך זיין שטילקייט, און
הער זיך אין נישט קענענדיק אים פאַרלאָזן.

ווען איך באַזוך אים, קלאַפט ער צו מיר באַגריסנדיק מיך. און
אין טעג ווען ער איז פאַרגעסן קום איך אויך צו אים, דאַמאָלט
באַגריס איך אים. און ער ליגט אין גרויען נעבל אויסגעשפּרייט ווי
ער וואָלט געווען קראַנק — און לאַנג פאַרלאָז איך אים ניט.

# אין מאָרגן־רויט

כ'בין געקומען צו דיר זען דיין פּנים, וואָס איז אזוי לאַנג געוועזן אַוועק פון מיר. די פאַרגאַנגענהייט דערשיינט אַמאָל מיט מער וואַרימקייט ווי די צוקונפט, בפרט דעמאָלט, ווען זי טראָגט אין זיך די געשטאַלטן פון די מענטשן וואָס מען האָט ליב.

איך בין געזעסן קעגנאיבער דיר און געטראַכט, אַז די נאַטור האָט דיך צוריקגעבראַכט, כדי איך זאָל דיך ווידער אָנקוקן, ווי זי וואָלט געזאָרגט, איך זאָל פון בענקשאַפט נישט צופיל איינזאַם ווערן.

איצט רו איך דאָ נעבן דיר, נאָך דיין לאַנגער אָפּוועזנהייט, האַלטנדיג מיינע אָדלער־פליגל אַראָפּגעלאָזט. און עס דאַכט זיך מיר ווי אַלעס קוקט אַהער, צו זען ווי אַזוי מיר באַגעגענען זיך.

ווי די בלומען האָבן זיך עס איינגעטונקט אין רויטן ליכט, ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעכאַפּט היינט פריער ווי אַלע טאָג, כדי אונז צו זען און באַגריסן אונז גלאַנצנדיג מיט די טוי־טראָפּנס.

זאָג מיר, איך בעט דיך, פאַרוואָס גייט די זון אַרויס מיט אַזא פּאָמפּ אויפן הימל, שטאַרבט זי דען נישט אָפּ פאַרנאַכט, אַז זי זאָל נישט זיין באַטרויערט וועגן דעם? דאָך דערקענט מען עס נאָר איצט ניט אין איר. זע ווי דער הימל האָט זיך עס באַצירט; אין געקרייזלטע וואָלקן־לאָקן האָט ער זיך פאַרקאַמט און זיך באַוואַשן מיט ריינע בלויקייט אויף צו געפעלן דער זון.

מען זאָגט, אַז דאָס וואָרט איז די ווייטסטע פייל. אָבער אַמאָל טרעפט מען אַ מענטשן אין וועמען מ'קען נישט שיקן די פיילן; זיי בלייבן שטעקן, ווי עס וואָלט זיי איינג געווען אַרויסצוקומען.

ס'איז זיכער, אז ליבשאפט מוז זיין א הערשאפט, ווייל ווען הערשער זיינען אנוועזנד, זיינען ווערטער אויך נישט מוטיג ארויסצוקומען.

וואס זאל איך דיר זאגן: ס'איז גוט דא איצט צו זיצן און זען ווי די זון שלאגט אפ אויף די קליינע הייזער פון די ווייטע פער־מעס, מיט איר רויטקייט, און זיי שטעלן אויף די פענצטער צום הימל, ווי זיי וואלטן זיך אויפגעכאפט פון שלאף און געקוקט ווי ווייט טאג ס'איז שוין. ווייזט אויס, אז די קליינע הייזעלאך ווילן שלאפן פונקט ווי מענטשן און זיינען פויל אויפצושטיין און קוקן אויס ברוגזלאך ווען מען וועקט זיי אויף.

רוק זיך צו צו מיר נענטער און איך וועל דיך בארירן. איך וויל זען, צי דו ביזט נאך די זעלבע ווי דעמאלט, ווען דיין בארירונג האט ציטערדיג איינגעשטילט מיין הארץ און איך פלעג ווערן שטיל ווי די לעצטע טענער פון א ליד.

לאז מיר דיך ארומנעמען און זען דיינע אויגן וואס נאט האט געפורעמט, אז זיי זאלן מיר געפעלן, און איך וועל דיך ווידער פאראייניגן מיט דער ערשטער העלפט וואס איז איבערגעבליבן אין מיר, ווען דו ביזט פון מיר אוועקגעגאנגען.

די רויטקייט פון מארגן שיינט אויף דיין פנים. אויך איך פיל דעם אויפגאנג פון געבורט. אויך אין מיר איז דא דער מארגן ווי אין דער זון, ווי זי און מענטש וואלטן איינס געווען.

דערקענסטו מיין קול וואס ווערט אזוי צערטלאך איצט, ווי ס'וואלט זיך אפגערוט דא נעבן דיר פון אנפאל און פארטיידיגונג. אויך דאס ווארט זוכט אן ארט וואו אוועקצולייגן די פיילן, ווייל צו שווער זיינען זיי אים אלע מאל צו טראגן און עס זוכט זיי ווי אויסצוטאן, כדי פריי צו זיין.

דער פרידן קומט אן אויף מיר. ווי די רו פון אוונט מאכט ער מיך שטיל. א, קוש מיך און האלט מיך אין דיינע ארעמס. איך דרעמל איין אין גליק ווייל עס קען ווארהאפטיג ניט זיין.

ווי צוויבערהאַפט איז דער כח פון ליבשאַפט מיך איצט צו מאַכן אַזוי טיף. איך זע איצט ווי עס שימערט דער פאַרשטאַנד, בלענדנדיג מיינע אויגן מיט אַן אומדערטראָגבאַר ליכט. גיי נישט אַוועק פון מיר, ווייל איך וויל נישט אַז דאָס אַלעס זאָל פאַרלאָשן ווערן און עס וועט מיר צו אומעטיק זיין. ווילסטו דען, איך זאָל אין טרויער בלייבן נאָכדעם ווי דו קומסט מיך זען?

דער מאָרגן האָט מיר היינט געגעבן מער חלק ווי אַלע טעג. ווי עס ווייזט אויס, איז אין אים פאַראַן די צייט וואָס איך האָב נאָך נישט געקראָגן. איך שפּיר אים, ווי ער וואָלט פון מיר אַרויס־געקומען — נישט פון אויבן, פון וואַנען די רויטקייט שיינט אַהער.

היימלאָך רוישן אַהער די טעג וואָס זיינען שוין לאַנג אַוועק. אַפילו די נישט־געראָטענע. איך הער ווי דעם צוויינגן־געריוויש איצט נעבן אונז, רופט דער מאָרגן צוריק אַרויס, ווייל ער זיי געבן אַן אָפּשפּיגלונג פאַר אַ טרייסט פאַר דער פאַרגעסענער פאַרגאַנגענהייט?

די זון קומט אַלץ מער אַרויף אויפן הימל, ווי זי וואָלט זיך אומגעקוקט צי ס'איז ווער נאָך דאָ, רוקט זי זיך פאָרזיכטיג, פאַר־שפּרייטנדיג איר רויטן אָפּשיין, אָפּשפּיגלענדיג אויפן וואַלד, און אויפן פאַרדרייטן טייכל וואָס פליסט פון אונטן פון די טאָלן, אויס־מישנדיג זיך מיטן מורמלען פונם וואַסער, ווי עס וואָלט דעם טאָג אָנגעזאָגט אַז דער מאָרגן קומט.

און די בלומען שאָקלען זיך, ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעכאַפּט און געזוכט ווער עס איז דאָ דורכגעגאַנגען דורך זיי, ווי זיי וואָלטן זיך ניט־וויסענדיג געמאַכט, אַז דער זון־שיין באַזוכט זיי יעדן מאָרגן.

דאָס איז די שפּיל פון פעלד, די שפּיל פון וואַלד; זע ווי די מענטשן שפּילן זיך און מאַכן זיך ניט־וויסנדיג, כדי עס זאָל נייגע־ריגער זיין צו זאָגן זיך אין באַהעלטעניש, ווייל אויב ניט ווערט זיי לאַנגווייליג.

מיר וועלן אַרויסגיין און זיך שפּילן מיט פעלד און וואַלד, ווי

מיר וואָלטן זייערס געווען. טראָגן מיר דען נישט די סודות'קייט אין אונזערע נשמות ווי דער וואַלד, און מיר באַשאַטענען זיך פּונקט ווי ער אין די אָוונטן, און איז דען נישט די פּרייקייט פון פעלד נענליכן צו אונזער ווילן פריי צו זיין?

אַלע מאָל קערן מיר זיך אום מיט בענקשאַפט פון פעלד צוריק אין שטאָט, ווי מען וואָלט עפּעס פאַרלאָרן. אפשר איז דאָ אין דער נאַטור אַ טייל פון אונזער „איך", וואָס בלייבט אין איר, ווען מיר פאַרלאָזן זי?

לאָמיר זיך דערפאַר איצט צונויפנעמען מיט דעם חלק וואָס מיר האָבן דאָ געלאָזן ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, וועלן מיר ווערן גאַנץ, און שטאַרקער פילן אונזער זיין.

דערפאַר ווען מען וועט צוריק אין שטאָט גיין, וועט מען פילן דעם מאָרגן פון איצט און מיר וועלן האָבן געצאָלט פאַר דעם וואָס מען וועט דאָ לאָזן. דעמאָלט וועט פרייליכער זיין איר גערויש, ווייל די דעראינערונגען וועלן מאַכן איר לעבן טאָפּלט: איין מאָל פאַר דער נעגנוואַרט און איין מאָל — פאַר אַמאָל, אַזוי ווי דער וואַלד אין מיטן טאָג, ווען די זון שיינט נאָך אין אים און דאָך פאַר'חלומ'ט ער זיך שוין אין שאָטנס.

איך וועל דיך נעדענקען. איך וועל נישט אָנהאַלטן דעם רעגן, אַז דאָס גוטע זאָל זיין פאַרגעסן, ווי מאַנכע טוען עס. ווי קען מען דען פאַרגעסן דעם היינטיגן מאָרגן, וואָס האָט מיך מיט אַזוי פיל פרייד באַגליקט.

אוודאי וועט היינט דער טאָג פאַרגיין, אָבער נישט בא מיר. ער וועט זיך אין רויטן אָוונט־ליכט געזעגענען מיט אונז, פּונקט ווי ער האָט אונז באַגריסט. אָבער איך וועל אויף מיין זכרון אָנ־הענגען זיין שיין און אין איינזאַמע צייטן וועט ער פאַרבלענדן מיין נשמה און איך וועל צוריק פריש ווערן.

ווען דו וועסט אוועקגיין פון דאַנען זאָלסטו גיין אויף דעם

וועג וואָס ציט זיך פאַרביי די טאָלן, ווייל דאָרט איז די זון ארויס געקומען, טראָגנדיק דעם מאָרגן, און דו וועסט דערקענען זיין אָפּ־גלאַנץ וואָס איז געבליבן אין די טאָלן, וועט עס דיך דעראינערן, אַז ס׳איז פון דיר איבערגעבליבן אַ חלק אין דער שטילקייט פון וואַלד, און דו וועסט געדענקען צו קומען צוריק, מיט דעם זיך צו פאַראייניגן.

און איך וועל דיך געדענקען אויף שטענדיג, פונקט ווי דעם מאָרגן. ביידע וועט איר אראָפּשיינען פון מיין זכרון, ווייל אַ זעל־טענעם געווינס האָב איך היינט געווינען.

---

דער טאָג וואַרט שוין אויף מיר, ער דערנענטערט זיך פון האָריזאָנט. איך וועל אים אנטקעגן גיין אויפנעמען מיט דער האָפענונג וואָס איך האָב צו אים אויסגעשטרעקט.

ער קומט, ווייל איך בין געבאָרן געוואָרן צוזאַמען מיט אים. ווי קען אַ מענטש זיין אָפּגעשיידט פון זיך אליין?

איך וועל וואוינען אין אים, ווי אַ מענטש אין זיין הויז; ווייל אַלעס וועל איך דאָרט געפינען: מיין מוט און מיין גלויבן און מיין נחת.

איך וועל בענטשן די מענטשן מיט דעם גלויבן אין וועלכן איך גלויב; אין דעם טאָג ווען איך וועל אָנהויבן לעבן אין אים, און איך וועל זיך באַהעפטן מיט זיך אליין, און איך וועל גאַנץ ווערן מיט דעם וואָס איז געווען אָפּגעשיידט.

ער דערנענטערט זיך. איך זע און פיל אים מיט די חושים. גאַנץ וועט ווערן מיין לעבן און איך וועל נישט באַדויערן די יאָרן וואָס איך לעב. — גאַנץ וועל איך לעבן און גאַנץ וועל איך שטאַרבן, אוועקגייענדיג פון זיי.

---

איך האָב ליב דאָס לעבן צו באַקוקן און ווייטער צו גיין. צופיל

כהנים זיינען דאָ אום דאָרט צו זיין, און זינדיג איז עס נישט אָנצואווייזן אויף דעם.

קום מיט מיר און מיר וועלן אדורכגיין וואו זיי שטייען מיט זייער האנדל, מיט דער נשמה און מיט דעם גוף; מיט שטאָלץ, כבוד און מיט ליבע, און מיר וועלן דאָס אַלעם באַקוקן.

איך האָב נישט ליב דעם ליארם, און דערפאַר קען איך אין אים נישט לעבן. אָבער וואוהין קען מען אוועקגיין, אַז אומעטום איז דער האנדל.

לעבן מיט זיי? פאַראַכטונג קען איך זיי נאָר געבן — נאָר נישט מיין נאָענטקייט. קונצנמאַכערס זיינען זיי און וועטער פּנימ'ער; זייערע געשטאַלטן קרימען זיך אוים וועדליג דעם גע־ענדערטן געמיט — ווי דער קורס אויפן געלט־מאַרק.

איך קום זען דאָס האַווען און אַמפּערן זיך, און איך בענטש זיך וואָס איך בין נישט צווישן זיי, ווייל וואו איז נאָך אַזוי ריין ווי פון דרויסן פון זיי — וואו איז נאָך אַזוי פריי ווי צו זיין אוועק פון זיי?

לאָמיר ביידע אדורכגיין דעם מאַרק. אויף אַלעם וועל איך דיר אָנווייזן. נאָר מוזט מיר צוזאָגן, דו זאָלסט מיט זיי נישט ריידן — ווייל זיי פאַרדרייען דאָס גלייכע וואָרט. זאָלסט קוקן און שווייגן. די קלונגשאַפט וועט דיר באַצאָלן מיט פאַרגענינגן.

נאָכדעם וועלן מיר רוען בא די פיס פון לעבן און אַרויפקוקן אויף דעם גאַנצן גוף, דער גוף פון וועלכן מיר קענען נישט אוועקגיין און צו וועלכן מיר ווילן זיך נישט צורירן.

איך בין צוריקגעקומען צו דער שטאָט, ווייל זי האָט באהאלטן מיין ליבשאפט אין זיך. איך בין צו איר געקומען כדי ווידער אויפצולעבן אין דער דערמאנונג פון מיין שכל.

שטיין און אייזן האָב איך איינגעבאקן אין זיך און צו זיי בין איך געקומען.

היינט איז שטיין ווארעם, ווייל עס איז אויסגעהאקט פון מענטשלאכער פאנטאזיע.

איך בין געקומען אין דער שטאָט זי באקוקן — וואו מויער איז געוואָרן שענער, וואו דער פעלד און בריק איז געוואָרן פאנטאסטישער ווי וויסטע.

איך בין צוריקגעקומען צו די גאסן וואָס האָבן געציילט די יאָרן פון מיין ליבשאפט, פון מיין האס און פון מיין שפיל — זיי האָבן זיך דערצוינגן מיט מיינע בליקן און אלט געוואָרן מיט מיין באדויערן. צווישן זיי האָב איך געציילט די טעג און זיי פארלאָרן.

איך גיי צו איר, ווייל זי רופט דעם זון וואָס געהערט צו איר. זי גיט צו קיינעם ניט אָפּ די וואָס זי האָט אויפגעהאָדעוועט, סיידן בא דעם ראנד פון צושיידונג — צום סוף פון די טעג.

איר שטיין איז געקנאָטן געוואָרן מיט מיין פלייש; איר האסטיקייט מיט מיין בלוט.

די שפיצן פון אירע הייזער זיינען מיינע בליקן.

דאָס ליכט פון איר לאָמפּן שווינדלען ווי די אינסטינקטן וואָס ליגן באם מענטשן: צו אויסגעלאסנקייט און ווילדקייט. זי האָט מער אומענדלאכקייט ווי דאָס פעלד: איר פרייהייט איז די טיפעניש פון גלוסט.

די גרינקייט פון פעלד איז אריינגעגאסן אין די אדערן פון דער שטאט, כדי צו קענען זיך מיט איר פרייען: איין טאג איז באצאלט פאר פיר, איין לעבן איז שוואנגערדיג מיט א סך כדי זיך צו קענען באנייען.

זי האט געהאמערט די פאנטאזיע פון די וואלד־מענטשן ווען יענע האבן געטרוימט פון וואונדער אין וואלד דעמערונג. ווען זיי האבן גע׳חלום׳ט פון שוץ און רו און רייכטום.

אין איר איז מיטגעקומען די ווילדקייט פון וואלד, קען מען דען אין שפאן אנטלויפן פון דעם וואס איז נאטור? — ווען באַ־שאף ארבעט איבער באשאף, קענען זיך די סודות וואס קומען ארויס ניט אפטאן פון די סודות וואס זיינען באהאלטן; דארום איז אין איר דא די שרעקעדיקייט פון וואלד.

איך האב אוועקגעלייגט אפצורוען אלץ וואס איך פארמאג בא די טויערן פון שטאט, און אלץ וואס איז מיר ליב האב איך דא אהער געבראכט. דעם פרוביר שטיין פאר מענטשלאכקייט האב איך דא געשליפן פון דעם קלאנג פון גאלד.

און איך בין געקומען אין דער פרייקייט און אין דעם פארגעניגן און אין איר רויש, כדי צו הערן איר לעבן.

ניט אין אקעראייזן האב איך מיין שפע געקליבן, נאר אין געטאקטן אייזן וואס באפוצט די שטאט — ניט אין די שייערן פון קארן, נאר אין די לאגערן פון מעטאל.

אין איר פינצטערניש זיינען געוועזן מיליאנען נאכט אויגן. און איר עלנטקייט איז געוועזן דער נענוס פאר אלע, ווייל זי איז געוועזן דער באשאף פון דארף־דעמערונג.

פול זיינען די גאסן דא מיט לוסט, מער ווי די שליאכן פון פעלדער, און זיי ציילן מער ווי די ליידיקייט פון לאנגע וועגן.

אלץ וואס איז געוועזן אין געפאר האט מען דא אהער גע־

בראכט צו באשיצן, און וואס עס איז נעווען מיט שפע האט מען צוטיילט צווישן מער ווי א דארף מיט א דארף קענען צוזאמענציילן.

און איך בין געקומען אין איר פרייקייט, אונטער דעם שוץ פון אירע אידייען וואס האבן מיך נעבוינן ווי א בוים אין א שטורעם — און דאך מיך ניט אויסנעריסן, און צום סוף מיך שטארקער געמאכט.

און ריזן האבן זיך דא אהער געצויגן בא דער זייט פון סאר־ליקעם און זיי האבן געקוקט אין זייער שיין — און די וואס האבן ניט געשאפן, זיינען געווען דערפרייט פון די וואונדער פון די מוסקולן, ווייל ארויפצוצו מיט די מויערן האבן זיי זיך געצויגן — ארונטער אונטער די וואלקנס.

מענטשן האבן געקליבן שפע איבער די ערד — צוויי מאל איז דער אקעראייזן געווען: אויף דער ערד און אויף מעטאל.

און איך בין דא אנגעקומען כדי אלץ צו זען, צו רוען און צו נעמען דאס לעבן פון דעם וועג, וואו עס איז אנגעקומען..

איך קני פאר דיר געשלאָגענער שטאָלץ, וואָס ביזט געפאלן איינבייגנדיג אין מיר דעם מענטשן. איך בין קראנק געוואָרן פון פרעמדע פיילן, און פון די וואָס פריינט האָבן געשליידערט, און איצט ליגן מיר ביידע פּרובירנדיג איינער דעם צווייטן צו העלפן אויפשטיין.

אָ שטאָלץ, דו ביזט מיר אַלע מאָל געווען געטריי און וועסט מיך אויך איצט נישט פארלאָזן. איך וועל נאָך פּרובירן אויפשטעלן און איך וועל דיר נאָך ברענגען זיגער־קרענץ, און דו וועסט צוריק גלאנצן ווי אין דער צייט פון זיג.

נאָר פארלאָז מיך נישט איצט, צוזאמען איז היימלאכער אפילו צו זיין געפאלן, איך וועל באַצאָלן פאר דיינע שלעכטע צייטן און איך וועל ווידער אויף דיר גיין אָנגעליינט ווי אמאָל.

איצט נעם מיך ארום און קוש מיין שטערן ווייל איך בין שוואכער פון דיר, און בעט דיין געלעגער פאר מיין מידקייט, און וואך איבער מיר ביז וואנען איך וועל קריגן פרישע כחות.

וועסט זיך וואונדערן איבער מיין קול, האָסט מיך נאָך קיין מאָל נישט געהערט אזוי רעדן, אָ שטאָלץ, ווען דו זאָלסט ווּיסן וואָס פון מענטשן קען זיין, וואָלסטו פאר הארצווייטיק אויס שטאָלץ געוואָרן.

וואָס זאָל איך דיר אויסדערציילן, ביזט דאָך מיטגעגאנגען מיט מיר באם זיג און דאָרט ווי מען האָט מיך געשלאָגן ,און קיין מאָל בין איך נישט געווען פארוואונדעט אזוי ווי היינט.

רעד איך נישט דעם אמת ?

זאָל שוין זיין גענוג, דו קענסט מיך, איך בין צו פריינט פון

טרויער און ניט געוואוינט צו רעדן. לאָז מיך אָנלענען אויף דיר און פיר מיך אין דיין ברייטקייט רוען.

דער זיפץ פון פאלן וועט מיך שטיל פארווינגן — זייענדיג באַוואכט פון דיר. אַ שטראַל וועט אויף מיין פנים לייכטן קומענדיג פון דיר.

* * *

זיי נישט דערשלאָגן פון מיינע ווערטער, שטאָלץ. איך וועל נאָך ברענגען דיר דעם וויין פון זיג און מיר ביידע וועלן טרינקען.

— איך וועל נאָך מיט קרענץ אויך דיך באצירן.

זאָג, האָב איך דיך דען נישט געפירט אויף די וועגן וואו עס איז געלעגן כבוד, און געוואַרט פאר מיר? און צו האָב איך דיך דען אמאָל פארטיילט אז דו זאָלסט מיך איצט פארלאָזן?

עס וועט ווידער קומען צוריק די צייט וואָס האָט מיך מיט זאָרג געפלאָגט, און צאַרט געליבט.

דו האָסט דאָך שוין געטראָגן דאָס צירונג פון מיין זיג, זאָג, צו האָסטו זיך אמאָל מיט דעם געשעמט? געדענקסטו, שטאָלץ, די גוטע צייטן? ווען איך האָב געפרייט זיך אין מיין יוגנט און איך האָב דאָס לעבן טיף געאָטעמט? דו ווייסט דאָך יאָ, ביזט דאָך צוזאמען מיטגעגאנגען.

קום אהער, לאָז מיך אָנלענען אויף דיר, עס ווערט מיר שווער ווען איך רעד פון טעג פון טריאומף וואָס איז געווען.

פון יענע טעג וואָס האָבן מיך פארלאָזן. ווען איך האָב דעם בעכער פול מיט וויין געטרונקען. ווען איך בין געווען באגליקט פון גליק מיט זיינע ראנדן.

די פיילן וואָס זיינען איצט אין מיר געטראָפן שטעקן טיף און טוען וויי. דער וואָס האָט געשליידערט איז געווען געשיקט און איך בין נישט געווען באשיצט.

איך האָב גערעכנט מיט אַ טעות און נישט אָנגעטאָן מיינע

וואפן. איצט ליגן זיי און קוקן שטום מיך אָן. זיי וואָס האָבן מיר געטריי באַדינט האָב איך פאַרלאָזן אין צייט פון נויט.

טיף זיינען זיי אַריין. שטאָלץ, פאַר דיר מעג איך דאָך דער־ציילן. קיין פיינט וואָלט נישט געקענט דערגרייכן וואו עס האָבן פריינט געטראָפן.

איך האָב פאַר שונאים נישט געהאַט קיין מורא. גלויב מיר שטאָלץ, דו ווייסט דאָך. איך בין אויך נישט פון די וואָס פאַרלאָזן אָן אַ שלאַכט דאָס פעלד פון שונא.

נאָר איצט האָב איך זיך נישט געריכט אויף דעם וואָס האָט געטראָפן. רואיג האָב איך דעם וועג פון אַרבייט געגראָבן מיט מיין אַקער אייזן, און דאָ פּלוצלונג פּיל איך; די זייט וואָס איז געוועזן גלייך, האָט שטום מיט ווייטיק זיך איינגעבויגן. איך גיב אַ קוק: אַ פייל האָט איר געטראָפן. איך האָב געטראַכט: ווער האָט גע־צילט אין טאָג ווען איך האָב געאַקערט? ווער האָט גיפט געגאָסן אַהין וואו איך האָב ברויט געגרייט? און גרייכנדיג די פייל אַרויס־צושלעפן — אָ שטאָלץ בין איך געפאַלן פון דעם ווייטאָג.

* * *

ווי שווער עס דריקט די צייט וואָס איז פון טרויער אַרומ־געהילט. וואָס געבורט אַ צייכן פון שטילע פיין. פון דאָרט, וואו עס האָט געשיינט דאָס ליכט פון מוט, וואָס האָט געגעבן כח צו טרעטן אויף דעם וועג פון גאָל.

עס וועלן נאָך טעג אַהער באַשטראַלן מיט ליכט פון אויפ־קום, די וואונד וואָס איז געטראָפן פון די, וואָס האָבן אַהער גע־שליידערט זייערע פיילן. דו וועסט קריגן באַצאָלט פאַר דעם וואָס האָסט פאַרלוירן און פאַר דעם וואָס האָסט נישט געהאַט. דער פּרייז וועט זיין באַצאָלט פון די וואָס האָבן מיך געשלאָגן. און כ׳וועל זיך טיילן גלייך אויף גלייך מיט דיר.

איצט קום אַהער שטאָלץ, און זיי נישט געפאַלן. ווייל נעבן

דיר שפּירט מיין מוט זיין כח, פאַלן אויב דו ביזט געפאַלן. און נעבן דיר וועט ער צו זיך קומען אויב דו וועסט מיך נישט פאַרלאָזן איצט.

אָ, שטיי בײַ מיר און וואַך בײַ מיין געלעגער. דער שטראַל פון דיר וועט מיך מיט רו פאַרשלעפערן און וועט מיט האָפנונג באַגילטן די טיפענישן פון מיין גייסט.

איך וועל דיך קושן אין חלום פון פאַרגעסנהייט, מיט דעם גלויבן אַז איך וועל דיר ווידער האָבן גאַנץ און שטאַרק.

זעץ זיך נעבן מיין געמיט וואָס וועט דיך שטענדיג ליבן, וואָס איז נאָך פון דיר קיין מאָל נישט אוועקגעגאַנגען.

דער זיפץ פון פאַלן וועט מיך שטיל פאַרווינן, דער שטראַל פון האָפנונג וועט מיר העלפן רוען זייענדיג באַוואַכט פון דיר.

# צום איינציגן

.1

אנטלויף, איינציגער, פון קעסל פויק פון דער געזעלשאפט, ווייל וועסט שיכור ווערן אין איר ליארעם וואס איז גארנישט ווערט און ליידיג. זי איז דער אויסענווייניג פון דיין זעלבסט. אויב פרידן — אויב פרייהייט, קענסטו עס נאר געפינען אין זיך, ניט פון אויס־ווייניג פון זיך.

ווען די געזעלשאפט איז פריי, ביזטו עס נאך נישט; ווייל אלע מאל איז פריער פריי געווארן דער איינציגער — נאכהער איז זי געקומען.

די פרייהייט איז פריער געקומען צום מענטשן און ער האט זי געשאפן פאר אלעמען, ווי אזוי־זשע ווילסטו איינציגער זי פריער נעמען פון אלע אויב דו האסט זי ניט פון אנפאנג?

וואס איז א געווינס אויב דו האסט אים ניט אין זיך? קען אים די געזעלשאפט דען האבן אויב דו אליין האסט אים ניט?

דעריבער מענטש רוף איך צו דיר: דו זאלסט זיך דערקענען פון דיין אינעווייניג.

.2

פרוביר צו זיין רייף וועט פון דיר דער קלאנג זיין אזוי ווי פון עכטן גאלד, ווייל עכטע זיינען די וואס לעבן פריער אין זייער אינע־ווייניג איידער זיי קומען ארויס אין דרויסן.

זאג, מיט וואס קענסטו שטאלצירן פון דעם וואס איז דא אין דער געזעלשאפט, אויב אין דיר געפינען זיך ניט די קוואליטעטן פון די טוגענדן וואו דאס גוטס און בייז פון איר זאל זיך קענען מעסטן?

דעריבער דארפסטו זיין דער הילך פון דעם אפקלאנג — דער פרוביר שטיין פאר׳ן קלונג.

אבער, מיט וואס וועסטו זיך קענען גרוים האלטן און רייף זיין אויב וועסט זיך צוהערן צום קעסל פויק פון דער געזעלשאפט פריער ווי צו זיך, מיט וואס וועסטו אויפ׳ן פעלד פון טריאומף גיין דו איינציגער?

## 3.

איר רוישן איז אן אנזאג פון צעטומלטקייט און שטורם, אבער דער טורעם און דער קבר פון אים זיינען די מענטשן וואס פירן אים; וואס אלזא האסטו געפונען אין אים אין געוויש פון דער געזעלשאפט וואס זאל זיין א ווידערקול אין דיין נשמה?

ווייל, ווי אזוי קענסטו מעסטן אויב ביזט ניט רייף, ווי אזוי קען דערקענט ווערן דער קעסל פויק אויב ער הילכט אפ אין פוסטקייט?

ווער איז שוין ניט נאכגעלאפן דער געזעלשאפט און געגעסן דאס היי וואס איז געווען פאר פערד — ווער האט זיך שוין ניט גענארט אין איר ווען ער איז שטיין געבליבן בא איר גרענעץ און אריבערגעקוקט צו אן אנדער האפענונג.

א פאלק איז גרוים ווען עס איז צוקריגט צווישן זיך און עס איז ניט אזוי ווען עס איז פאר׳חבר׳ט.

ווען עס וואלט זיך געקאנט דערהויבן צום אינדיווידואליזם זייענדיג גאנץ, וואלט עס דאמאלט באמת גרוים געווען; אבער ביז צו יענע צייט האלט וואך איינציגער איבער דיין זעלבסט.

.4

אויך פון איר געמיטלאַכקייט זאָלסטו ניט נתפּעל ווערן, ווייל דאָס קאָן זיין אַ צייכן פון דער פלאַכקייט פון אינדיווידיאום, וואָס דאָס רופט זיך שטילקייט און האַרמאָניע בא דער געזעלשאַפט.

ווער עס האָט געשמעקט דעם בית־עלמון פון הערבסט בלעטער, דער קאָן עס פילן אין איר, ווען עס וואַקסט דאָרט ניט דער מענטש, ווייל וואָס קאָן זיין לעבעדיק אויב ער לעבט ניט?

דאַרום בין איך איר ניט נאָכגעלאָפן, ווייל איך האָב געוואוסט אַז זי איז אַ פּוסטע כּלי — איך האָב ניט געקענט איר קעסל פּויק.

זי איז ניט דער שפּיגל פון מענטשן נאָר אַ צוואַנג־מאַסקע. מיין פריינד, זאָלן גיין אַהין די וואָס זיינען משוגע, אָבער מיר דאָ וועלן זען וואָס עס קאָן אויסוואַקסן אויף איר באָדן פאַרן איינציגן.

די וואָס זיינען באמת גרויס אין איר, זיינען עס פאַר דעם צוועק אים אויפצוהאָדעווען, ווייל וואו צילן דען אַלע האָפענונגען אויב ניט אין דעם מענטשן? זי, די געזעלשאַפט, איז ווי אַ פייל און בויגן אָן אַ ציל אויב אירע האָפענונגען זיינען נישט פאַר דעם איינצעלנעם.

וואו איז דען אַזוי אומזיכער דער רייטוואָגן פון גלאַנץ ווי אין איר און וואו איז ער אַזוי געפאַרבט?

ווען האָט זיך די ברייטקייט פון דרויסן געקאָנט פאַרמעסטן מיט די טיפעניש פון אינעווייניג? זאָג מיר! די וועלט פון דרויסן האָט דאָך אַלע מאָל גענומען פון די פון אינעווייניג — דאַרום ביזטו מער חשוב'ער איידער כּלל.

מען וויל מיט איר פאַרלייקענען דיין זעלבסט און מען רעדט מיט חוצפּה אין איר נאָמען, נאָר ווי אַזוי וואָלט זי געקאָנט זיין ווען

דו וואָלסט געווען פאַרלייקנט? — דאַריבער ביזטו אַלעס: איר רוקן ביין און איר זייל, און אַלעס פון איר גוטס איז פאַר דיין מאָס און גענאַד, עס ווענדט זיך אָן דער מאָס פון דער טיפעניש וואָס פליסט אין דיין גייסט.

5

געבורט איז שטילקייט; ווייל קיין מאָל הערט מען ניט די טריט פון שעפער. האָסטו אַמאָל געהערט דעם גאָט וואָס האָט דיך געבוירן?

זי איז אַ שרייענדיגער מאַרק, דאַריבער ווערט אין איר גאָר ניט געבוירן, נאָר אין דיר ווערט עס אַזוי, ווייל עס איז דאָ די שטילקייט.

דאָס וואָס איז אַ געווינס איז צו געפינען אין דיר — דאָס וואָס נייט פאַרלוירן איז אויך אין דיר. אַלעס איז מיט דיין מאָס — די געזעלשאַפט איז ניט קיין מאָס.

טויט איז די פרייד וואָס קאָן דיך ניט דערגרייכן, און אַ ליגן איז דאָס רייכטום וואָס איז ניט אין דיר.

ווען דאָס גאַנצע איז נאָך ניט געווען ביזטו איינציגער שוין געווען, און ווען דאָס גאַנצע וועט פאַרשווינדן, וועסטו נאָך זיין. ווען דער „אַלעס” פאַלט, ביזטו דער טאָפּלטער נערוו פון זיין לעבן — אויסציענדיג די וואָרצלען ווייטער צו לעבן ווען עס איז שוין אין גאַנצן פאַרפוילט.

הער זיך דאַרום איין צו דער שטים פון דער נשמה, ווייל פון דאָרט קומט אַרויס די אָפּענטפערונג פאַר אַלעס וואָס איז דאָ — און פאַר דעם וואָס דאַרף זיין.

דער הילך, עכאָ און די האָפענונג, זיי אַלע זיינען באַ דיר. אין אָוונט שיין איז איינגעהילט דאָס האַרץ וואָס מעסט די

וועלט מיט גערעכטיקייט פון זיך ארויס — אָבער אויך מיט מאָרגן ליכט; דערפאַר האָט עס פוןביידע פאַרגעניגן.

דארום, איינציגער זאָלסטו זיך ניט שרעקן פאַר יאוש וואָס וואוינט אמאָל אין דיין האַרץ — ווייל אויך צום מאָרגן ליכט ביזטו דער אייגנטימער. דו ביזט צו ביידע דער אָפּגרונט און די אָנפילונג, דער שאַפער און דער אונטערגאַנג.

# וויליאַם דזשיימס

ווען מיר שטודירן די לערע פון פּראַגמאַטיזם, ווערט פאַר אונז קלאָר די פילאָזאָפיע און די פירונג פון אַמעריקאַנער שטייגער לעבן. נישט אומזיסט זיינען די אַמעריקאַנער געווען באַגייסטערט פון דזשיימס'ן. ער האָט אויסגעדריקט און אויסגערופן זייער לעבן. ער האָט געהייליגט זייער פּסיכאָלאָגיע וואָס זוכט זיך אָנצולענען נאָר אויף דעם עקספּערימענט — אויף דעם געבוי, און לאָזט נישט איבער קיין אָרט פאַר אידעען וואָס קענען פּראַקטיש ניט באַוויזן ווערן.

דערפאַר איז אין אונזער לאַנד דאָ אומענדלאַכע נעצן פון אייזנבאַנען, אָבער ניט קיין רייכע ליטעראַטור, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן צו די אייראָפּעאישע. עס איז דאָ ביי אונז רעטזועלהאַפטע מעכאַנישע אַרבעט, אָבער קיין ווענן פון פילאָזאָפיעס, וואָס זאָלן זוכן אַ ליכט אויף דעם גרונט פון דער מענטשלאַכער נשמה און פון קאָסמאָס.

איז דען אַ וואונדער, וואָס דער מענטש איז דאָ אידעענלאָז, וואָס ער גייט אויף זיין וועג אָפּווייכנדיג פון די ערטער וואו די נשמה לייכט פון אירע טיפענישן און באַהאַלטענישן, אין גאַנצן נישט זעענדיג זיי, נאָר גלויבנדיג אין פּראַקטישן, אין דעם וואָס שווינדלט און שטייט פאַר די אויגן, — דאָס ריזיקע הויז, די וואונדערבאַרע העננג־בריק, דאָס איז ביי אים אַן אמת, ניט פאַרזוכנדיג דאָס פאַר־געניגן פון אינווייניגסטן לעבן, נישט הערנדיג רוישן דעם ווינט וואָס דער גייסט בלאָזט אַרויס מיטגעבנדיג זיינע פאַרלאַנגען פאַר'ן מענטשן.

אין דעם לאַנד ווירקט דער איינפלוס פון פּראַגמאַטיזם, אָדער פאַרקערט, דאָס לאַנד האָט באַאיינפלוסט און אַרויסבאַשאַפן פון זיך אַ פּראַגמאַטיזם, ווייל דאָ איז פאַראַן אַ שפּאָט צום אינטעלעקט און אַ פאַרהייליקונג צו דער פּראַקטיק. די געבאָטן פון פּראַגמאַטיזם זיינען „לעבעדיגער בענעפיט", „פאַקט" און נאָר דאָס איז אמת. ווייטער וואָס דער אינטעלעקט איז אין זיינע גריבלערייען און אויס-ברוכן, איז עס גאָרנישט אויב עס קען זיך נישט באַשטעטיגן מיט פאַקט, אָדער, אַמווייניגסטן, מיט נוצן.

דאָס, נאַטירלאַך, ברענגט אַ גרינגשעצונג צום אידעאַליסט, דערפאַר איז דאָ אין לאַנד אַזוי פיל כבוד צום רייכן און גלייכ-גילטיגע באַציאונג צום אידעאַליזם.

ווייסן מיר דאָך, אַז אידעען קאָנען בויען וועלטן פאַר שפּעטער, וואָס זאָלן דערווייל נישט האָבן קיין כח און קיין מעגלאַכקייט אויפ-צואווייזן זייער אמת. דעמאָלס קומט אויס, אַז „דער לעבעדיגער בענעפיט" איז גערעכטער און אמת'ער איידער די איבערצייגנדסטע אָנשויאונגען וואָס דער מענטש טראָגט מיט זיך. פון דאַנען קענען מיר פאַרשטיין פאַרוואָס ביי דעם אַמעריקאַנער איז דער „דזשאָב" אַזוי וויכטיג. אַזאַ פילאָזאָפיע גראָבט אונטער דעם קאָמפּפלוסט צו פאַרבעסערן די געזעלשאַפט, ווייל דער מענטש זוכט נישט אויף די וועגן פון אינטעלעקטועלע ווערטן, דערפאַר איז דאָ נישט דאָ קיין געזונטע, ברייט-פאַרצווייגטע פּאָליטישע פאָלקס פּאַרטיי, וואָס זאָל אין פאַראויס טראָגן אידעען, און זאָל זיך פאַר זיי אומברענגען, ווי מיר האָבן דאָס אין אייראָפּאַ.

„דאָס וואָס איז בעסער פאַר אונז צו גלויבן" — זאָגט דזשיימס, — „איז אמת, סיידן מיר שטויסן זיך צוזאַמען מיט אַן אַנדערן לעבעדיגן בענעפיט". אין אַנדערע ווערטער הייסט עס, מען קען גלויבן אין פרייהייט, און דאָס זאָל זיך זיין אמת, אָבער ווען עס קומט אויס אָפּצוהיטן די אייגענע פעל אויף צו דערגרייכן דעם אמת.

איז שווין דער „לעבעדיקער בענעפיט" פון נישט גיין אין תפיסה פיל אמת׳ער איידער דער באַגריף וואָס דער אינטעלעקט טראָגט וועגן פרייהייט.

הייסט עס, אַז דער טאָפּ ליגנזן איז חשוב׳ער ווי די אומזעבאַרע כחות וואָס באַוועגן דעם מענטשן צו אַ געוויסער דערלייזונג.

ווי זאָל עס נישט זיין קיין דערנידערונג און קיין שאַנדע פאַר לעבן, ווען זייערע האָפנונגען און זוכענישן קענען אַזוי געמאָסטן און געוואויגן ווערן, ווען זיין ווילן און זיין אמת, קענען פאַרקויפט ווערן נאָר פאַר מזומנ׳ע רעזולטאַטן. ווייסן מיר דאָך, אַז דאָס לעבן איז אַ באַוועגונג פון אינעווייניג. אַזוי לערנט אונז אויך בערגסאָן, ווען אָבער דעם מענטשנ׳ס אויפמערקזאַמקייט ווערט אָפּגעצויגן נאָר צום „פאַקט" און באַלדיגן רעזולטאַט, פאַרלירט ער דאָס געדולד צום לעבן, וואָס דאַרף האָבן צייט זיך צו פאָרמירן.

דערפאַר איז דאָ דער מענטש נערוועאיש. ער האָט נישט קיין צייט צו ליידן פאַר די פרינציפּן פאַר וועלכע עס פאַרלאַנגט זיך אויסדרויער. דערמיט וואָס ער איז אונטער דעם איינפלוס פון פראַג־מאַטיזם, איז ער אָפּגעקערט געוואָרן פון דעם שטראָם פון אידעען. אַ פאַרלאָזענער פון דער בעסטער מתנה וואָס די נאַטור האָט אים געשיינקט, גייט ער אויף דעם קאַלטן וועג פון מאַשין און פאַרדינסט.

ער האָט זיך דערווייטערט פון דעם ליכט וואָס קען זיך נישט באַווייזן אויף דער גאַס אַזוי ווי אַן „עלעווייטאָר". דער מענטש דאָ אין לאַנד נייט פאַרביי דעם געוויש פון דער נשמה, וואונדערנדיג זיך איבער דעם גערויש פון דער מאַשין.

דער פּראַגמאַטיזם שטעלט אַוועק אַ וואַנט פאַר אים, דער־קלערנדיג, אַז דער אינטעלעקט איז נאָר אַ מין „שומר פון צוזאַג", אָבער קיין זעלבסטשטענדיגער אַקטועלער טאַט, סיידן ער גייט פאַר־איינינט מיט אַ באַשטימטן רעזולטאַט פון פאַקטן. דעמאָלט קריגט

ער דאָס בלוט און פלייש פון זיין עקזיסטענץ און ער קען ווערן אנערקענט.

פונקט, — זאָגט דזשיימס, — ווי איינער וואָס גלויבט אין גאָט קען ער צו דער פּראַקטישער וועלט צורעכענען, אַז דאָרט שאַפט זיך ארויס גאָט. דורך די דאָזיגע באַווייזן איז זיכערער און אמת'ער צו גלויבן אין ער קראַפט פון גאָט, ווייל מיר זעען זיי דורך פאַקטן.

דעם זעלבן וועג גיט דזשיימס אויך פאַר'ן אינטעלעקט. אויב ער קען זיך נישט באַווייזן צוויי פנים'דיג — פון איין זייט פאַר־שטאַנד, און פון דער צווייטער — פאַקט, איז ער הינטערשטעליג מיט'ן אמת. ער קען נאָר באַטראַכט ווערן ווי אַ מין שפּעקולאַציע וואָס מען קען מוחל זיין, ווען עס קומט פון דעם אַרויס נוצן אָבער ער איז ווייט פון צו זיין אמת ביז צו דעם אויסברוך פון דעם לעבע־דיגן בענעפיט.

ווי מיר זעען איז דער פּראַגמאַטיזם גוטמוטיג נעשטימט צו ביידע וועלטן. צו דער פּראַקטישער און ראַציאָנעלער. דעם אינטע־לעקט אין דער נשמה אינגאָרירט ער נישט אין גאַנצן. ער גיט זיי פּלאַץ אַזוי צו זאָגן, אונטער דער זון, אָבער דערפאַר אַ קלענערן, אַזוי ווי איינגעבעטענע געסט. וואָס מען קען נישט צוריקווייזן און הייסן אַוועקגיין.

מיר האָבן פריער באַוויזן מיט דעם פאַרגלייך פון אַמעריקאַנער לעבן, און איניגע שטעלן פון דער פּראַגמאַטישער לערע, אַז זי איז אין גרונד גענומען אַן אָפּווייכונג פון אמת, וואָס עס געהער זיך אָן צום אינטעלעקט. דער פּראַגמאַטיזם איז פאַר דעם לעבן אַ בינטל היי, צוליב וועלכן די אויגן דאַרפן בלינד זיין פאַר די אידעאַלישע רופן צו פאַרבעסערן זיך און די געזעלשאַפט. ביי אַ געלעגנהייט וועלן מיר ברייטער באַווייזן זיינע פעלערן און זיין דורכפאַל אין באַצוג צום פאַרשטאַנד.

איצט קענען מיר נאָר ענדיגן, אַז דער מענטש וועט אַוועקגיין

פון טעמפּל וואָס שילער, דזשיימס און דואי האָבן געבויט, דערפאר ווייל זיי האָבן דערגנידריקט זיין נשמה. אויב ער געפינט זיך דאָרט, איז עס נאָר אויף דערווייל. ער וועט דאָרט נישט בלייבן וואוינען. ער וועט זיך אָפּקערן פון יענעם טעמפּל, ווייל אוועקגיין פון דאָרט מיינט ארויפגיין צום מענטשן, און מיטפירן אים צו דער וועלט פון אידעאלן וואָס דאַרפן מקוים ווערן אין געגנזאַץ פון לעבעדיגן בע־נעפיט פון היינט.

# דער אינטימער פֿאַרלוסט

ווי א צוואנג אויף די מענטשלאכע באוועגונגען ציהט זיך דורך דער געשיכטע דער ווילן פון דער הערשאפט, דער איינצעלנער ווי דער קאָלעקטיוו שטרעבן צום דאָזיגן באזיץ מיט אַן אומבאגרעניצטן חשק. די הערשאפט שטעלט מיט זיך פאָר פלאָגן, וואו מענטשן און פעלקער ווערן פארברענט, און דאָך האָט נאָך קיינער קיין כח נישט געהאט צו יצושטערן איר אימפעט.

מיר גלויבן נישט, אַז מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אפילו אין דעם ווייטסטן אידעאלסטן שטאט, זאָל מעגלאך זיין א צושטאנד פון א הערשלאָזער קליקע. עס איז אַן אבסורד צו דענקען אַז מענטשן וועלן אמאָל אין גאנצן פריי ווערן, אויסדריקן זייערע מיינונגען. זיי וועלן אָלעמאָל זיין באאיינפלוסט, און אויב זיי וועלן עס נישט זיין, וועלן זיי עס זוכן. די נאטור פון מענטשן איז אויסצוזוכן א שטארקן אין וועמען צו קאָנען זיך באקרעפטיגן און דערוואַרמען מיט זיין גלויבן. דער מענטש איז געוואוינט פון אייביג אָן צו זוכן שוץ. נאָר די שטארקע, די אויסנאמען באגייען זיך אָן דעם, און לעהנען זיך אָן אָן זיך גופא, ווי ניטשעס פרעדיגט, און זיי וועלן עס זיין די וואָס וועלן בילדן די קליקע פון דער הערשאפט.

אויך גלויבן מיר נישט אַז די קוואנטיטעט וואָס דעם מענטש איז צוגעטיילט פון דער נאַטור אָלס זיין טאָג, אָלס זיין באזיץ, זאָל קאָנען פון אים באזייטיגט ווערן אפילו דורך אנטוויקלונג פון טויזנטער יאָרן. אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אַז מיר שטעלן זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון שפינאָזאס טעאָריע, אַז עס איז

נישט דאָ קיין גוטס און שלעכטס באַ דער נאַטור. און דער מענטש אַלס איר געצייג דורך וועלכן זי זעצט דאָס דורך וועט קיין מאָל נישט זיין בכח אָבצוזאָגן זיך פון דורכצופירן אַלע אירע באַפעלן וואָס ער דער מענטש טיילט איין אין קוואַליטעט פון גוטס און שלעכטס, ווען זיי דערשיינען אין שייכות צו אים.

מיר גייען זיך צוזאַמען מיט שפינאָזאַס טעאָריע נאָר אויף אַזויפיל, אַז דער מענטש איז הילפלאָז קעגן די אַטריבוטן, מיר שטימען אָבער נישט איין דאָס זעלבע אין באַצוג צו די מאָדוסן.

אויסער דעם וועז מיר זאָלן אפילו האָבן וועגן ווי אַזוי צו פאַרניכטן געוויסע מענטשלאַכע בייזקייטן, וואָלטן מיר זיי נישט פאַרעבערענגט, ווייל די מאָראַל איז פרינציפיעל פאַר דעם אויסדרוק פון די מענטשלאַכע אימפולסן, פריינדלאַכע, אָדער פיינדלאַכע.

מיר זאָגן זיך נישט אָב פון באַגריף פון גוטס און שלעכטס, אויף אַזוי פיל ווי עס עקזיסטירט אין שייכות צווישן מענטש און מענטש, און אין סדר פון לעבן. וואָס מיר ווילן איז, די מאָדוסן וואָס דערשיינען באַם מענטשן, פאַרפלאָנטערן אַזוי, אַז זיי זאָלן באַטראַכטן דעם מענטשן, אין אַ אומבאַוואוסטזיניגן אינטואיטיוון קאַמף קעגן דעם ברייטן און פרייען אויסדרוק פון זיינע בייזקייטן, און מיר האָבן אויסגעקליבן פאַר דעם צילברעט די געפערלאַכסטע פון זיי, די הערשאַפט.

פון דעם שטאַנדפונקט אַרויס האַלטן מיר, אַז די נאַטור, וואָס דרינגט אַרורך דורכ'ן מענטשן מיט איר ווילן, דאַרף אויך זיין דורך אים דער עקספערימענט, דורך וועמען מען זאָל זוכן דעם וועג צו קולטיווירן איר אויסדרוק. אין אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז מיר האַלטן, אום איינצושטילן רו און אַ געוויסן שלום אין דעם אינעווייניג פון די מענטשלאַכע נשמות, דאַרף מער אויפמערקזאַמקייט געווידמעט ווערן, אויף צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון עגאָאיזם.

און זי קאָן נאָר דאַמאָלס ווערן אַ אידעאַלע קאָראַפּאַטיווע ווען איר אינגעווייד וועט זיין אַ געזונטע.

פון עגאָאיסטישן קוואַל ארוים דרייט זיך דער סדר פון לעבן, צי עס קומט דורך צוואַנג נאָך שפּינאָזאַס טעאָריע, צי ער איז אַליין אַ דערוויילטער ווי ניטשע וויל עס, אָדער עס קומט דורך אַנט־וויקלונג ווי העגעל לערנט.

דער שטאַט, די ווייסנשאַפט, די קונסט, איז אַ פּראָדוקט פון עגאָאיזם, און וואָלט נישט געווען זיין געניאַלער טייל, מיט וואָס וואָלט זיך די מענטשהייט געקאָנט גרויס האַלטן?

די עולה פון אונזער פירונג באַשטייט אין דעם וואָס פון אייביק אָן ווערט אויפגענומען דער כלל אַלס דער אויבערשטער שטאָק פון דאָס מענטשלאַכע. דאָרט קריגט אַ תיקון דאָס אידעאַלע, ווי דאָס געשיכטלאַכע, דער מענטשלאַכער קאַמף, און זיין וואויל־זיין שלאָגט דאָרט אָב זיינע פאָרענדערונגען, פון דעם כלל׳ס בימה ווערט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט וועגן באַגריפן פון יושר.

עס איז נישט קיין עולה וואָס דער קאָלעקטיוו איז וויכטיגער פון דעם יחיד, די עולה באַשטייט אין דעם, וואָס מיר זוכן צו היילן דעם מענטשן פון אויבערשטן שטאָק. עס איז אַ טעות וואָס מיר זוכען צו געפינען דעם פרידן פון אונזער גייסט אין פּרינציפּן פון געזעלשאַפטלאַכע דערלייזונגען.

די מענטשהייט קאָן אין איר סאָציאַלן קערפּער געפינען די מאַטעריאַליסטישע רו, אָבער קיין מאָל נישט די נשמה׳דיגע.

ווען מיר באַטראַכטן דעם פּלוס פון גוטס און שלעכטס באַם מענטשן, מוזן מיר זיי אַרונטערשטעלן אונטער די קאַטעגאָריעס פון פּראָדוקציע און עקספּלאָאַטאַציע, כדי צו באַקומען אַ בולט׳ע אָנווייזונג אויף די באַזונדערקייט פון זייער כאַראַקטער. מיר מיינען דאָ נישט דעם יצר הרע אָדער יצר טוב, אויך וואָס די רעליגיאָן און

יעדע מאָראַל ווייזט אָן אין איינקלאַנג, אָדער אין געגנזאַץ צו אירע באַגריפן, און זיינען זייער צומישט אין דער אָבשאַצונג פון מענטשן.

מיר מיינען די גאַנצע מאָס פון דער נאַטור, וואָס זי האָט געגעבן אין אבסאָלוט נשמה׳דיגע קוואַליטעטן, וואָס פון זייער קוואַנטיטעט איז צוטיילט אין יעדן מענטשן, צו איינעם ווייניגער, צו אנאַנדערן מער. זיי עקזיסטירן ווי שפינאָזא וואָלט זיך אויסגע־דריקט „אין וועלט אַל", און בעת מיר נעמען די דאָזיגע קרעפטן אין אנבאַטראַכט, צוטיילן מיר זיי אין זייער אויפגאַבע אין יעם שייכות צום מענטשן און מיר באַקומען אַ געניי בילד, וועלכע קוואַ־ליטעט פאַלט אַרונטער אונטער דער פּראָדוקטיווער ריכטונג, און וועלכע אונטער דער עקספּלאָאַטירענדער, כּדי מיר זאָלן קלאָר זיין וואָס איז פאַר אונז נויטיג.

פון די דאָזיגע אומגעזעענע קרעפטן האָבן מיר פון איין זייט אַזעלכע קוואַליטעטן ווי דאָס מאַרטירערטום, די קונסט און די וויסנשאַפט, און פון דער צווייטער זייט דעם מאַטעריאַליסטישן הונגער, די סענסאַציע, און די הערשאַפט. דאָס זיינען נאָר איניגע ביישפּילן פון די קרעפטן וואָס רעגירן איבערן מענטשן.

ווען מיר באַמערקן דעם כאַראַקטער פון דער פאַרצערנדער קוואַ־ליטעט אין דער נשמה, זעען מיר אַז זי קאָן אין זיך גופא נישט לעבן, זי קאָן זיך נישט דערנערן פון אייגענער אויפהאַלטונג. זי מוז אַרויס־געהן פון זיך, ד. ה., פון דעם מענטשן, און מוז זיך פאַרשפּרייטן אויף פרעמדע כחות, ווי עס טוט די הערשאַפט.

ווען זי זאָל נישט האָבן אַזאַ פרייהייט, מוז זי מאַכן דעם דאָזיגן וואָס באַזיצט זי — ענג, אָדער ער לייזט זי אויף אין זיך דורך בעסערע אייגנשאַפטן, אָדער ער ווערט פאַרברענט מיט איר אין אַ נערוועאישע צופאַלונג.

דאָס זעלבע קאָן נישט זיין די מאַרטירערשאַפט, וואָס נערט זיך פון אַ אייגענעם פייער, און פאַרשפּרייט אַ פאַרגעניגן אין זיך

גופא. אָן דער אונטערדריקונג פון פרעמדע, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אז אירע פּלאַנען צושפּרייטן זיך אין דרויסן פון זיך זעלבסט, צינדט זי אָן בא מענטשן די גלוסטונג פאַר א העכער לעבן.

ווען מיר ענדיגן דעם זאַץ, קומען מיר צו אונזער פאַרנעם:

וואָס ווען מיר טאָן אום איינצוהאַלטן און צוזאַמענברעכן דעם נאַטירלאַכן כח פון דער הערשאַפט? וועלכע לייצעס ווייזן מיר אָן זאָל דער מענטש אָננעמען אום איינצוהאַלטן דעם אימפּעט מיט וואָס די ליידנשאַפט שלעפּט אים?

אויף די פראַגן ווייזן מיר אָן אויף דער אַלגעמיין מענטש־לאַכער ליבע, צוטיילנדיג זי אין צוויי קאַטעגאָריעס, ווען מיר פאָרלייגן א פּלאַן, ווי אזוי דער מענטש זאָל דורך איר זיין גע־צוואונגען צו שלאָגן די צווייטע ליידנשאַפט זיינע — די הערשאַפט.

אָבער פריער ווען מיר מאכן אן אנאַליז, ווי אזוי א פאַר־צערנדע איינגנשאַפט ווירקט אָבצושוואַכן א פּראָדוצירנדע, און פאַר־קערט, דאָס וועט אונז נויטיג זיין בעסער צו פאַרשטעהן די שפּע־טערדיגע פאַרבינדונגען וואָס מיר ווען מאכן. מיר פאַראייניגן זיך מיט שפּינאָזאס מיינונג, אז „אַן עמאָציע קאָן קאָנטראָלירט אָדער אוועקגעשאַפט ווערן נאָר דורך אַן אַנדער עמאָציע, וועלכע איז דער היפוך פון, און שטאַרקער פאַר דער עמאָציע וועלכע דאַרף קאָנטראָלירט ווערן“. מיר האַלטן אז די עמאָציע פון דער ליבע איז שטאַרקער איידער די עמאָציע פון דער הערשאַפט, ווייל זי פאַר־נעמט א גרעסערן שטח אין דעם אינעווייניג פון דעם מענטשן, די הערשאַפט איז נישט מער ווי אַן אורזאַך פון דער איינגנליבע.

אַלזאָ, איצט, ווען מיר ווייסן שוין, אז דורך דער ליבע קאָנען מיר זיך אקעגנשטעלן צו דער הערשאַפט, און זייענדיג בא דעם פּרינציפּ אז דורך דעם עגאָאיזם זעצט זיך אדורך די נאַטור מיט אירע פאַר־לאַנגען, קערן מיר זיך אום צו אים, אום דאָרט צו געפינען די

רפואה, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאנט, דורך דעם אים צו פארפלאָנטערן אזוי, אז ער זאָל געטריבן ווערן צו אַ קאמף קעגן דעם פרייען אויסדרוק פון דער הערשאַפט.

מיר באטראכטן דעם עגאָאיזם אַלס דעם פענדולום פון דער מענטשלאכער קולטור, ווייל דאָרט געפינען זיך די פינצטערע קאָרי־דאָרן פון דער מעטאפיזיק און פון דאָרט ברענגט ער ארויס די דערפינדונגען אויף אַלע געביטן וואָס פירן די מענטשהייט פאָראויס.

אַלזאָ, איצט שטעלן מיר אוועק די פראַגע פאר אונזערע צו־הערער: ווי אזוי וועלן מיר דורך דער ליבע באַצווינגען און איינצווי־מען די הערשאַפט? מיר פירן דאָס דורך אויף פאָלגנדיקע אופנים:

ווי אונז איז שוין באקאנט, ווערט דער אימפעט פון דער הערשאַפט גענערט פון עגאָאיזם. וואָס מער אָט דער אימפעט זיגט — זאמלט אָן זיין ווילן דורך זיגרייכע דערגרייכונגען און גע־לונגונגען, אַלץ וויניגער וועט ער באַשטיין ער זאָל ליידן. ווען מיר שטעלן אָבער אוועק דעם ערשטן באדינג צו דער הערשאַפט, — דעם פארלוסט פון דער עגאָאיסטישער ליבע, פארלירט ער נאטיר־לאבערהייט די פרישקייט פון די הערשנדע עמאָציעס און מוז זיך אומקערן פון זיין מאכט, פון דעם שטאַנדפונקט, אז „אַן עמאָציע קאָן קאָנטראָלירט און אָפּגעשאַפט ווערן דורך אַן אנדער עמאָציע". — שפינאָזא.

איצט שטעלן מיר פאר אונזערע צוהערער די פראגע:

ווי אזוי פירן מיר דורך דעם דאָזיגן פארלוסט?

מיר פירן דאָס אדורך דערמיט, וואָס מיר נעמען צו די קינדער פון די וואָס הערשן. דאָס איז דער קרבן און דער משכון פון עגאָאיזם אז ער וועט זיין טעטיג אין די פראָדוקטיווע קוואלן פון דער נשמה, און נאָך אזוי נאָך וועט פון איין זייט די הערשאַפט אָבגעשאַפט ווערן און פון דער צווייטער זייט וועט עס דעם מענטשן גליקלאכער מאכן.

## אין שטילן פאַרגיין

די וואָס פאַלן אַרונטער אין דער רעפּובליק צום קינדער פאַר־לוסט, זיינען צווישן אַנדערע קלאַסן וואָס די אומשטענדן און די צייטן וועלן באַשאַפן, אויך פאַראַנען די דאָזיגע באַשטימטע קאַטעגאָריעס.

סענאַטאָרן און פּאַרלאַמענט מיטגלידער, דער פּריזידענט פון שטאַט און אַלע גוזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן.

אויך וועלן צוגעצויגן צו דעם געזעץ אַלע די וואָס האָבן די אויפזיכט איבער קערפּערשאַפטן אָדער איינצלנע מענטשן, ווי זיי קאָנען אונטערוואָרפן ווערן אונטער אַ שטראָף פון פאַרלירן זייער עגאָאיסטישע פּריווילעגיעס. דאַן ווערט געמיינט, דאָס ציווילע און מיליטער געריכט, און די פּראָקוראַטור, אויך ווערן אַהער אונטער־וואָרפן די בילדונגס קאָמיסיעס פון די העכערע לער אַנשטאַלטן, ווי די אוניווערזיטעטן, וואָס גיבן אַרויס אַטעסטאַטן צו די סטודענטן אויך די יעניגע פאַלן אַרונטער אונטער דעם געזעץ, וואָס אין זייער רשות ווערן איבערגעגאַנגען מענטשן, ווי האָספּיטאַלער, תפיסות, און יתומים הייזער, די דינער און די אויפזעער, מיט דעם אויסנאַם פון די וויסנשאַפטמענער, זאָלן זיין אונטערוואָרפן אונטער דעם עגאָאיסטישן שאדן פון קינדערשער אָבגעזונדערטקייט.

אַ געוויסע אָרדנונג ווערט נאָר געמאַכט אין באַצוג צו די עקזאַ־מען־קאָמיסיעס פון די לעראַנשטאַלטן, זיי זאָלן נאָר דריי מאָנאַטן פאַר די עקזאַמענצייט זיין אָבגעשיידט פון זייערע קינדער.

אויב אַ מענטש וועט זוכן צו פאַרנעמען אַ אַמט אין דער רעגירונג ווי עס איז אויבן אויסגערעכנט, און ער וועט נישט האָבן קיין קינדער, זאָל דאָס געזעץ אָנגעווענדעט ווערן צו די ליבסטע פערזאָנען מיט וועלכע ער לעבט אַמנאָנטסטן אָדער צוזאַמען. אויב אַ מענטש האָט נישט קיין קינדער, און אויך נישט אַזעלכע פערזאָנען מיט וועלכע ער לעבט אין ליבע, איז ער פּסול אין דער גוזעצגעבונג פון דער מאָראַלער רעפּובליק.

די הערשאַפט מוז צוליב די דאָזיגע פאַרענדערונגען און דער סביבה פון איר עגאָאיזם, ווערן אַ נערונג פאַר דעם. פאַרוואַל־טעט און באַפוילן פון דער בעסערער זייט ביים מענטשן. די פאַר־ניכטונג איז דער פאַרשטאַנד פון דער נאַטור, דערפאַר ווערט דער מענטש קלוגער און טיף ווען ער ליידט. דער פאַרלוסט פון זייערע קינדער איז פאַר די הערשער אַ געפאַר פון פאַרניכטונג, אַז זיי זאָלן געצוואונגען זיין אָבצושטעלן זיך אין דער וועלט פון טיפקייט און נשמה׳דיגער פּראָדוקציע, פאַרגרינגערן און זאָרגלאָזער מאַכן דאָס מענטשלאַכע לעבן.

די פאַראורזאַכטע מעלות פון דעם דאָזיגן צושטאַנד וועלן באַוועגן דעם מענטש, ער זאָל נישט שטרעבן צו קיין קאַריערע אויפ־געהאָרעוועט און גענערט פון דער ליידנשאַפט פון דער הערשאַפט. דאָס אַליין וועט אים מאַכן פרידלאַכער אין זיך. צו דעם וועט אים נאָך אויך באַשאַפן, די לאַגע גינסטיג, אַז די רעגירונג איבער מענטשן זאָל אין זיך טראָגן אַ אידעאַלן תמצית, ווייל דער וואָס וועט צוגיין צום רודער פון מאַכט, ביישטייענדיג דעם „פאַרלוסט״, דער גייט צו, ווי אַ מאַרטירער וואָס האָט עפּעס צו שאַפן, ווייל ער איז זיך מקריב מיט זיין פּערזענלאַכן פאַרגעניגן, דער מענטש וועט דאַמאָלס וועלן רעגירן צוליב דעם דראַנג פון אַן אידייע, פון אַ געוויסן אמת פון זיין אַנשויאונג. דאָס וועט גאַראַנטירן, אַז ער פאַרפאָלגט נישט קיין פּערזענלאַכע צילן, נאָר דעם וואוילזיין פאַר מענטשן.

און צום סוף, די לעצטע מעלה וואָס וועט זיך באַשאַפן אין דער רעפּובליק וועט זיין די ענדערונג אין דער לעהרע צום גונסטן די זיטן פון פאָלק. זיי וועלן ווערן עסטעטישער, טיפער און געפיל־פולער, און וועלן פאַראייניגן די נשמה אין אן אינערליכן פרידן.

ווערליג מיר ווייסן, האָט פון אייביג אָן די הערשנדע קליקע פון אַ פאָלק געזוכט אים צו דיקטירן אַ געוויסן אופן פון זיטן לערע. אין דער רעפּובליק, וואו עס ווערט אונמעגלאַך געמאַכט די קאַנ־

צענטרירונג פון א רעגירנדער גרופּע, אין דעם בוכשטעבלאכן זין פון דער ליידנשאַפט. קאָן שוין במילא קיין געפאַר נישט זיין פאַר דער פאַרדאַרבונג אין דער זיטן פירונג פון פאָלק מצד אזא קערפּער־שאַפט. פאַרקערט, פון דעם עלעמענט וואָס וועט רעגירן דורכן „קינדער פאַרלוסט" וועט די זיטן לערע זיין באַגרינדעט אויף אידייען. און זי וועט במילא אויסקומען אין וואוילזיין פון אַלגע־מיינעם גענוס.

די מאָראַלע רעפּובליק לייגט נישט פאַר קיין וועגן אומצו־ברייננגען די ליידנשאַפט פון דער הערשאַפט. ווייל זי איז פּרינ־ציפּיעל פאַר דעם אויסדרוק פון דער נאַטור. זי באַשאַפט אָבער א צושטאַנד דורך די אומשטענדן פון איר סיסטעם, אַז די הער־שאַפט זאָל אויסגעאיבט ווערן ארויסצוברענגען די פּראָדוקטיווע כחות פון דעם מענטשן.

# דער אינדיווידועלער שטאַנד

די מענטשלאַכע אומצופרידנהייט נעמט זיך דערפון וואָס די פאַרצערונגס קרעפטן פון זיין אינטעלעקט דאַרן איין, נישט ווערנדיג אַנטוויקלט און ארויסגעבראַכט פאַר דעם צוועק וואָס זיי ווערן באַשאַפן. דער מענטש געפינט זיך מיט זיין נשמה אין אַ פּאָזיציע ווי איינער וואָס אָטעמט איין די לופט און קאָן זי נישט ארויסלאָזן, ער גיט נישט קיין באַוועגונג צו דער גייסטיגער טעטיקייט, ווי ער איז עס געוואוינט צו טאָן צו די איבונגען פון קערפּער.

די מאָראַלע רעפּובליק זוכט אריינצוברענגען אַן אָרדנונג אין דעם מענטשלאַכן גייסט פּונקט ווי עס איז דאָ אַן אָרדנונג אין דעם סיסטעם פון אַ געזעלשאַפט, זי וויל אים פירן צו אַ זיג אויף דעם לייטער פון זיין נשמה, ווי די געזעלשאַפט פירט אים צו אַ זיג אין קאַמף פאַר מאַטעריע.

זאָלן מיר אַ קוק טאָן אויף דער דערשלאָגענער לאַגע פון די פעלקער וואָס האָבן זיך געפונען אין מיטלאַלטער, אָדער אין אַנדערע טונקעלע צייטן ווען דער אינטעלעקט איז געלעגן אַ גע'חלש'טער, אַן אָטעמלאָזער, ווי פריידענלאָז און ענג האָט דעמאָלט געלעבט דער מענטש! מיט דעם הומאַניזם האָט זיך דער מענטש צוריקגעכאַפּט צו לאָזן באַוועגן די קאָמפּליצירטקייט פון זיין גייסט, אָבער וואָס פאַר אַן אָרדנונג, אין דער צייט ווען דאָס אויסערליכע לעבן, דער מאַטעריאַליזם איז צוגעקומען צו דער העכסטע שטופע פון באַקוועמלאַכקייט, זיינען אָבער די באַדערפעניש פון דעם מענטשלאַכן

גייסט ווייט נישט באפרידיגט געוואָרן און נישט ארויסגעבראַכט געוואָרן.

די רעפּובליק זוכט ארייַנצובריינגען אַ סיסטעם וואָס זאָל האַלטן דעם מענטשן גייסטיג אויפגעפרישט, מעגלאַך צו מאַכן אַז זיינע נשמה באַדערפענישן זאָלן זיך קאָנען ארויסגיסן פון אים אין זייערע געשאַפענע פאָרמען פון געדאַנק אינסטינקט און געפיל. זי וויל אים לייכטער מאַכן די אָנגעלאָדנקייט פון זיין זעלבסט. כדאי ער זאָל פריי ווערן פון זייערע מאָנענדע כוחות, און אויך פריי זיין פאַר דעם אָפּטויש פון פרישע, פּונקט ווי זיין קערפער וויל פון זיך ארויסגעבן די לעבנסקראַפט בייטאָג אום ווידער אָנצוזאַמלען פרישע כוחות צו זעטיגן.

איינע פון אירע פילע פונדאַמענטן איז די אינדיווידועלן פייערונג, זי פּראָקלאַמירט דעם פערזאָנען ווערט פון פּריוואַטן לעבן אַלס דער העכסטער כבוד פון איר לאַנד. און באַ איבערגעבן אים דעם דאָזיגן כבוד, באַלוינט זי אים אויך מיט אַ געזעצליכער מאַכט ווי מיר ווען עס פשוט דערקלערן. די רעפּובליק זוכט ארויסצוברענגען דעם דורכשניטלאַכן מענטש, די ערע און מאַכט. כדי אַזוי ארום צו לייגן וויכטיקייט אויף דעם לעבן פון געוויינלאַכן מענטש, זי זוכט ארויצוברענגען דעם עפענטלאַכן גלאַנץ נישט נאָר פאַר די וואָס צייכענען זיך אויס אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן, נאָר אויך פאַר די געוויינליכע וואָס לעבן און קעמפן אין די פּריוואַטע באַציאונגען, אַלע געזעלשאַפטלאַכע קאַנאַלן לויפן צום פּריוואַטן לע־בן. פיל מער וויכטיגער איז צו זען דאָס געשטאַלט דאָרט איידער אין די אויסערלאַכע איינריכטונגען. איז דען נישט ארויסגעקומען פון פּריוואַטע איניציאַטיווע די מאָס איבער געזעלשאַפטלאַכע סיסטע־מען?

די אורזאַכן פאַר וועלכע דער מענטש זאָל קאָנען ווערן אַ מיט־גליד פון שטאַנד זאָלן זיין די דאָזיגע.

אכט עדות וועלכע זאָלן ווערטערלאַך דערקלערן די רייפקייט און די פּערזענלאַכע מעלות פון קאַנדידאַט, זיינע האַנדלונגען, זיין קלוגשאַפט, די מעלות און זיין אָדער איר אינטואיציע, דורך אַ פּעריאָד פון דריי יעריגער געזעלשאַפט.

דער פאַרהער קומט פאַר פאַר אַ פאָלקס געריכט פון פינף, וואָס ווערן דערוויילט אויף צוויי יאָר. זיי מוזן זיין מענטשן וואָס פאַרנעמען נישט קיין רעגירונגס אַמט, ווען דאָס געריכט האַלט די אויסהערונגען פון די עדות. פאַר גענוגנדע אורזאַכן אַז דער קאַנדידאַט זאָל אויפגענומען ווערן, ווערט זיין קאַנדידאַטור פאַרעפענטלאַכט מיט אַלע איינצלהייטן, און דאָס פאָלק שטימט דורך אַ רעפערענדום וועגן אָננעמען אים אָדער זי אַלס מיטגליד. די עקזיסטענץ פון די מענטשלאַכע חסרונות און מעלות, גוטס און בייז לעבן אַלעמאָל און אַ צוזאַמענשטוים פאַר דעם קאַמף פון עקזיסטענץ, „מאָראַל איז דאָ, אַ דאַנק דעם, ווייל ס'איז דאָ אוממאָראַל" זאָגט קאַנט, און זיי קריגן ביידע דעם אויסדרוק אין לעבן, דאָרט רוען מענטשלאַכע שוואַכקייטן און זינד, ווידערשטאַנד און ריינקייט, אין דעם צוזאַמענשטוים פון אַט די געגן קרעפטן וואָס זוכן אַ פאַרקער צווישן מענטשן בלייבט נאַטירלאַך איבער וועלכע קראַפט עס זיגט איבערן מענטש, אָבער איבער וועלכע קראַפט ער זיגט. אין לעבן פאַסירן מיליאָנען איינצלהייטן, וואָס די פאַרשידענע ריכטונגען פון דער נשמה שאַפן ארוים, מיר זיינען באַקאַנט מיט זייערע טרייב כוחות, ווי אָפּפערונג, געטריישאַפט, דאָס און אַלערליי אויסברוכן און אַנטיוויקלונגען, אין איר קאָמפּליצירטקייט וואָס קאָנען טרייבן אַ מענטשן צו זעלבסטמאָרד און צו פרייד, צו אַנטוישונג און צו האָפנונג, צו צוטרויען און צו יאוש. נעמט אויף אירע הענט דעם דאָזיגן וואָס האָט זיך געשיפט אויף די שטורעמס פון דעם אינערווענינגסטן אומרו וואָס פירט דעם מענטש צום קאַמף און אויסדרוק באַגלייט מיט געפאַרן פון פאַרשידענע ריכטונגען, און זאָגט צום

פֿאָלק, אים זאָלט איר ערן, און ער זאָל אייערביישפּיל זיין. אויב פינף עדות וועלן פֿאַרברענגען די באוואונדערונג איבער זיין פּערזאָן ווייל זי רעכנט דעם איינציגנס פּערזענלאַכקייט פאַר דער העכסטער דערגרייכונג אין איר סיסטעם.

די מעלות פון פֿאַרגעשלאָגענעם מיטגליד, ווען זיי זיינען באַ אים אָן אויסנאַם קאָנען נישט באַרעכטיגן איינעם צו ווערן אריינ־גענומען אין שטאַנד, די רעפּובליק טיילט צו דעם כבוד נאָר צו אַזעלכע וואָס פון זייער אינעווענינגסטן זעלבסט שפּראָצט ארויס אַ כסדרדיגע טעטיקייט פאַר דעם וואוילזיין פון מענטשן.

אויך אָט דער איינער וואָס ווערט זיך אויסצייכנען מיט אַ טיפער קלוגשאַפט אויף דעם געביט פון געזעלשאַפטלאַכער פאַרבעסערונג און איבערקערונג, וואָס זיינע אויפטואונגען וועלן ברענגען פּרוכט צו דער געזעלשאַפט, זאָל אריינגענומען ווערן אין אינדיווידועלן שטאַנד. די דאָזיגע פון דעם געביט וואָס ווערן מיטגלידער פון שטאַנד, מוזן זיין די דערפאַרענע פון זייערע אידעען און פון די פאַרבעסערונגען וואָס האָבן אויפגעהויבן די געזעלשאַפט. דעם קלאַס וואָס די רעפּובליק מיינט, זיינען פון דעם סאָרט ווי פּעריק־לעס פון אַלטן גריכנלאַנד, די ברידער פון דער הומאַניטאַריען באַ־וועגונג פון מיטלאַלטער, אַזעלכע ווי פראַנציסקאָ, פּערטרי, גאַלילעי און פּירער וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון אַ רעוואָלוציע. אַלע די וואָס האָבן דורך פּרוכטבאַרע טעטיקייט רייכער געמאַכט און אויפגעעפנט אויף פאַרשידענע געביטן די קוואַלן פון דעם מענטש־לאַכן לעבן און וויסן. קיין מיטגליד פון שטאַנד טאָר נישט פאַר־נעמען קיין רעגירונג אַמט, ווייל די רעגירונג פֿאַרפֿאָלגט אַ געוויסע פּאָליטיק און די מיטגלידער פון שטאַנד דאַרפן זיין פריי פון אַ הערשענדער טענדענץ, צוליב די אויפגאַבן וואָס זיי פאָרמירן אַלס קערפּערשאַפט.

די געזעצלאַכע מאַכט פון אינדיווידועלן שטאַנד:

די מיטגלידער פון שטאַנד בילדן אַ קערפּערשאַפט וואָס קומט זיך צוזאַמען איין מאָל אין יאָר צו איר אָפיציעלן פליכט. איר זיצונג באַשטייט פון דריי טעג, און איר אויפגאַבע איז אַריינצוברייינגען געזעצן אין דער רעפּובליק אונאַבהענגיג פון פאָלקס צושטימען און אָן דעם דורכגאַנג פון זיינע געזעצלאַכע פונקציעס.

דאָס ווערט געטאָן אום צו באַוועגן דאָס פאָלק צו גייסטיגער אַנטוויקלונג געגן דער דורכשניטלאַכער פּסיכאָלאָגיע וואָס כאַפּט אַרום די מאַסן פון אַ פרייען שטאַט. די רעפּובליק ווייסט אַז דער אַנטוויקלטער מאַסשטאַב פון אַ שטאַט שטרעבט אויסצוגלייכן און צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די מענטשן, עס מוז דערפאַר צוקומען צו אַ פאַרטויבונג איבער די גייסטיגע כחות פון די מאַסן, ווייל די אומצופרידנהייט פון קונסט איז אַ שטער פאַר דער פאַרלייכטערונג פון מענטשלאַכן לעבן. דער שטאַט מוז אויף אַזאַ אופן אומבאַוואוסטזיניג צוקומען צו אַזאַ שטופּע אין זיין אַנטוויקלונג, אַז ער זאָל אויך דעם גייסט אומשעדלאַך מאַכן פאַר דער באַאומרואיגונג פון מענטשן. מיר זעען שוין היינט, אַז באַ אַזאַ גרויסן אַנטוויקלטן שטאַט ווי די פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע זיינען שוין דאָ סמנים פון גייסטיגער אומוויסנהייט באַ אַלע קלאַסן פון פאָלק, אַ דאַנק דער מעגלאַכקייט פון דער אַנטוויקלטער ציוויליזאַציע, וואָס ליפערט אַלערליי באַקוועמלאַכקייטן צום מענטשלאַכן קערפּער.

די רעפּובליק זוכט צו צושטערן דעם גאַנג פון דער גייסטיגער פּאַסיוויטעט. דער שטאַנד וואָס וועט באַשטיין פון אירע אָריגינעלע און גרויסע אינדיווידואומס וועט זוכן אַריינצוברייינגען געזעצן פון אַ גייסטיגער קאָלירטקייט און צוטרייסלונג אין דער מאַסן פּסיכאָלאָגיע.

די צווייטע ריכטונג פון דער קערפּערשאַפט באַציט זיך צו פאַרשענערן און צו דערהויבן דעם געשמאַק פון גייסט, געפיל און

אינסטינקט, וואָס קריגן זייערע דערשיינונגען אין דער עפנטלאַכ־קייט פון דער געזעלשאַפט, ווי צ. ב., די פּרעסע, דאָס געריכט, אָדער פאַרשידענע פאָלקס שפּילערייען. מיר ווייסן אַז פּונקט ווי די פּרעסע קאָן ווערן פול מיט ריח פון זנות, אַזוי קאָן דאָס געריכט ווערן ווייניג מענטשלאַך, און דאָס שפּיל פון פאָלק קאָן אים גראָב מאַכן, ווי מיר האָבן דאָס שוין געזען אין פאַרשידענע צייטן. האָט זיך דען איינמאָל די מענטשלאַכע שאַנדע אומגעקערט? ווער קאָן באַוואָרנט זיין אַז די שפּיל פון גלאַדיאַטאָרן קאַמף און די דינסט צו דער געטין אשתרת זאָל זיך נישט איבער׳חזר׳ן? זיינען דען אין מענטשן נישטאָ דיזעלבע ליידנשאַפטן וואָס זיינען אין אים געווען? ס׳איז ניט קיין וואונדער וואָס די דערהויבונג פון דער ריינער מענטשלאַכקייט איז אַלע מאָל געווען ווייניג ביים פאָלק. די אָפיציעלע מאָראַל היטער, וואָס דער שטאַט האַלט אויף, קאָנען דאָס נישט אדורכפירן — הערשאַפט אויף אַלערליי אופנים פּאַסט צו פאַרן פאָלק אַ מאָראַל נאָך איר שטייגער. דער מענטש ווערט דאַריבער געשטערט אריבערצוגיין זיך אַליין, ווייל די געזעלשאַפט גיט אים אַזוי פיל צוטרויען צו זיין מאָראַל וויפיל עס איז דערלויבט אין אירע גרעניצן. און צוזאַמען מיט דער פאַרגרינגערונג פון לעבן וועט אויך אַנטשטיין אַ מאָראַל פון שפּאַט צו די וואָס ווילן וועלן גייסטיג אויפלעבן די געזעלשאַפטלאַכע אַטמאָספערע, ווייל די מאָראַל היטער, ווי אין אַלע צייטן, וועלן באַרעכטיגן אַלץ וואָס וועט האַרמאָנירן אין די ראַמען און מיט דער עטיק פון שטאַט.

די רעפּובליק צילט, אַז דער „שטאַנד" זאָל צוטרייסלען און פיל קאָליריג מאַכן די פאַרנאַכלעסיגונג פון מענטשלאַכן גייסט. זי גיט דערפאַר איבער די אויפזיכט איבער דעם גייסטיגן וואוילזיין פון פאָלק צו מענטשן מיט אינווייניגסטע זשעניאַלע כחות, צו אַזעלכע וואָס קאָנען זיך בשום אופן נישט אויסגיסן אין אַן אויס־גלייכונג מיט אַנדערע מענטשן. זי צילט אַז די דאָזיגע וואָס האָבן

אין זיך דאָס פייער פון ירמיהו, יעזוס, סאָקראַטעס און אַנדערע מאַרטירער, אַזעלכע זאָלן זיין אין מאַכט אַדורכצופירן די עקספּע־רימענטן פון זייערע געדאַנקען. די רעפּובליק זוכט זיי אויס פון פּריוואַטן לעבן, פון דער באַציאונג פון מענטש צו מענטש, און אויך פון אומרואיגן געזעלשאַפטלאַכן לעבן און זאָגט צו זיי: נאַט אייך מאַכט, פּירט אַדורך די באַגערן מיט וואָס אייער באַזונדערקייט צייכנט זיך אויס.

אַלערליי פּאַסירונגען פון לעבן, אַלערליי איינגעפונדעוועטקייטן פון שטאַט, אויף דעם געביט פון אַרבעט, שפּיל, שטראָף, פאַר־וואַלטונג, וועט קאָנען געענדערט און צוריקגערופן ווערן פון שטאַנד, אויב זיי וועלן איינזען, אַז דאָס פּירט דורך דעם כאַראַקטער פון דערנידריגן דעם מענטשן.

זיי וועלן קאָנטראָלירן די מאָס פון דער בייזוויליגקייט, פון דער נאַכלעסיקייט און פון דער מאַכט פון מענטשלאַכן גייסט, און וועלן אים קירעווען אויף די וועגן ווי ער זאָל פון זיך אַמבעסטן הנאה האָבן.

די מיטגלידער פון שטאַנד טאָרן נישט באַלוינט ווערן פאַר זייערע אויפטואונגען דורך מתנות אָדער דורך באַצאָלט. זייער מאַכט ווערט געזעצלאַך דורך יצוויי דריטל שטימען פון דער קער־פּערשאַפט, און דאָס פאָלק קאָן דורך אַ רעפערענדום צוריקרופן יעדן מיטגליד.

דער מענטש קאָן אַריינגענומען ווערן אין אינדיווידועלן שטאַנד, בא דעם זיבנאונצוואַנציגסטן, זיבנאונדרייסיגסטן און צוויי־אונפערציגסטן יאָר פון זיין לעבן, און פון דאַמאָלס אָן צו יעדער צייט, ווען ער פאַרדינט זיך עס.

# די פילאָזאָפיע פון ליד

דאָס ליד איז אין גרונד פון זיך פאַר׳חלום׳ט נישט אַנטפּלעקט, ווי עס איז די נאַטור, מען פילט די נאַטור אין די סעזאָנען פון יאָר, אָבער ווער קען זי פאַרשטיין? די זעלבע ריחות וואָס ווינטער און זומער גיבן, גיט אויך פון זיך דאָס ליד, און חלומ׳ט און פרעגט א פראַגע וואָס בין איך?

אודאי קען מען פאַרשטיין א ליד — און דאָך קען מען עס נישט פאַרשטיין, ווייל עס דריקט אויס דאָס רויע לעבן און געפילן אָדער אינסטינקטן, און ווער האָט שוין אַמאָל פאַרשטאַנען דאָס לעבן? מיר מענטשן האָבן אָבגעמאַכט מאָסן אפילו פון דעם וואָס מען קען נישט פאַרשטיין און מיט זיי משפּט מען, און מען פרייט זיך, פאַר זיי שלאָגט מען זיך און מען זיגט, — און עס איז אויך דאָ א מאָס פאַר׳ן ליד, ווען מיר האָבן פאַרגעניגן מעסטנדיג עס מיט אונזער מענטשלאַכקייט, מיט די שוואַכקייטן און מיט די גוטע זייטן, — ווייל אונזער פּרוביר שטיין איז דאָך אויך לעבן, — ווי עס איז דער אינהאַלט פון ליד.

די פערזן פון א ליד זענען א זייער אינטים ווינקל פון דער מענטשלאַכער נאַטור, — און אויך זייער נייגעריג, דאָרט ווייזט דער מענטש זיך ארויס אָן פאַרטייטשונגען, נאָר גיט זיך ארויס פונקט אזוי ווי עס פליסן באַ אים די אייגנשאַפטן, וואָס שטאַרקער א פּאָעט איז אַלץ נאַטירלאַכער איז ער פעאיג ארויסצוגעבן די וויבראַציעס פון געפילן אזוי ווי זיי אַנטשטייען און עס איז א גרויסער פאַרגעניגן צו זען די מענטשלאַכע ראַנגלענישן באַלד אין זייערע ערשטע שטופּן.

וואו אהין פירט אונז דאָס ליד? אויף דעם קען מען קיין ענטפער נישט געבן. איך האַלט אַז דאָס ריינע ליד פאַרנעמט זיך נאָר מיט פאַרצייכענען פאַר דער עפענטלאַכקייט די עמאָציעס פון אינווייניג. נאָר דאָס איז די עכטע פּאָעזיע, אַלע אַנדערע שטופן זייען נישט אַזוי הויך ווי די דערמאָטע שטופע.

פאַרוויקלט זיינען די פערזן פון אַ ליד, ווי געדרייטע טייכלאַך דורך אַן אומבאַוואוסטן וואַלד און נייגעריג איז זיך אהין אריינצור שיפן, כדי צו דערקענען אויף וועלכע וועגן זיי ציען זיך אַוועק. ס'איז נייגעריג פאַר'ן פאָרשער פון דער מענטשלאַכער נשמה, און פאַר'ן באַאָבאַכטער. דאָס ליד איז איינע פון די טיפסטע גרונטן וואו די פסיכאָלאָגיע קען זיך ארונטערלאָזן אויף אירע הענג שטריק און פון דאָרט אַ סך פאַרשטיין.

ווען אַ מענטש וואָס לעבט אין דער אידעען וועלט מער ווי אין דער דערפאַרונגס וועלט, קומט אין בארירונג מיט די ריזיקייט פון דער נאַטירלאַכער וועלט, ווערט ער ניט נאָר אַ באַוואונדערער פון איר, נאָר ער באַדויערט אויך פאַרוואָס זיין אינווייניגסטע וועלט איז נישט אַזוי אַנזעעוודיג, אַזוי גיגאַנטיש און ווירקנד ווי עס איז די פון אויסענווייניג. ער ווינשט זיך דאַמאָלט אַ פאַרמעסטונג מיט דעם אויסענווייניג, — אַ האָפנונג וואָס ער לייגט צו צו די אַנדערע האָפנונגען וואָס ער באַשאַפט, ווי עס זאָגט ל. זיסעלמאַן.

דאָ אין די שורות ליגט דער זיפץ פון גייסט, זיין אומבאַהאָלפנקייט זיך צו באַווייזן פון דרויסן—דער אייביגער ציל ברעט פון דער עקספּערימענטאַלער פילאָזאָפיע. די שוואַכקייט וואָס די אידעע פילט אַנקעגן די פּראַקטישע אַנזעעוודיקייטן פון זאַכליכע דערפינדונגען. און דער וואוקס פון דער גרויסער שטאָט איז פאַר אים די סטראַשידלע, טייטלענדיג מיט אירע געביידעס צום הימל ווי זיי וואָלטן געזאָגט צום גייסט, זע, מיר שטייגן דיך פיל העכער אריבער.

און דער גייסט שרעקט זיך, און מיט פאַרדרוס פון הילפ-

לאַזיקייט לאָזט ער נישט פאַלן זיין שטאָלץ, וואָס קוקט צו ווי אַזוי מענטשן קערן זיך פון אים אָפּ און ווערן באַקערט צום אָבגאָט פון מאַטעריע, — רעדט ער צו דער שטאָט.

אין אונזער צייט איז דערשראָקן דער מענטש פאַר די מאַשינען און עס דאכט זיך אים אויס אַז ער ווערט געפירט פון אַ פּאָר גרויסע אייזערנע הענט. רעבעלירענדיג פרעגט ער אַמאָל אַ פראַגע, ווער וועמען פירט, דער מענטש די מאַשין אָדער פאַרקערט? און זיך פרעגנדיג דאָס, ווייזט עס שוין אַז ער פאַרלירט זיין אויטאָריטעט, זיין חשיבות, צוריק ציענדיג זיך מיט ווייטיק אין אַ ווינקל אַ גע־פּלעפטער פון די וואונדער וואָס שרויף און שטאָל באַשאַפן. און זאָגט צו זיך דערשראָקן.

דאָס זענען ווערטער פון פאַרצווייפלונג. זי, די נשמה פילט אַז איר אַמביציע איז איינגעבויגן פאַר די גרויסע רעדער פון דער צייט. זי וויל זיך אָבער ניט איבערגעבן, און צייטנווייז דאכט זיך איר נאָך אַז זי גייט פאָראויס — אַזוי וויל זי, די שורות פון דעם ליד דריקן אויס איר צער, די אייגענע באַדרויערונג פאַר דער דראָענדער לאַסט פון מאַשין און אייזן.

אָבער ניין, זי גיט זיך נישט אונטער, די אַלטע אַריסטאָקראַט־קע וואָס האָט זיך געהאַדעוועט צוזאַמען מיט גאונים איז צו שטאָלץ נאָכצוגיין מיט אַ געבויגענעם קאָפּ — אַ באַזיגטע, נאָך דעם ריז וואָס מאַכט צאַצקעדיגע קונצן פון דער מאַטעריע און זי רופט אויס מיט נקמה.

אין איר פאַרשטעלונג זעט זי דעם נצחון, אפילו ווען זי איז נאָך מיט אים נישט באַוואָרענט, זי זאָגט זיך אליין אַ נבואה אַז קיינער ווייסט נישט ווער עס וועט אונטערגיין — עס הייסט, אַז אַמאָל קען זיין אַז דאָס זאָל געשען מיט אים, נישט מיט איר.

זי דראָעט דער וועלט פון שטאָל אַריבערצוגיין, ווייל ס'איז נישט דאָ דאָרט איר וועג, זי זעט אין אַלע אויפטואונגען פון זאכליכן באַ־

שאַף אַן אָפּנייגונג פון זיך, און זי שטעלט זיך פאַר אַ פּלוצלינגען „אוונט פרייד“ אין דעם בין השמשות פון צווייפלהאַפטן אונטער־גאַנג.

אַזוי נאָך רווישט די שטאָט אַקעגן צו דעם בעסערן מענטשן. זיסעלמאַן דריקט עס אויס דורך זיין פּאָעמע „ניו יאָרק“. ל. דינסקי, טוט עס אין דעם ליד אין „היינטיגע טעג“. איןביידע פאַראייניגט זיך די מענטשלאַכע באַדויערונג איבער דעם וואוקס פון מעכאַניק, וואָס מאַכט רולאַז דעם מענטשן און באַהערשט אים.

אַלעס האָט זיך אין אונזערע טעג אָנגעהויבן צו באַוועגן מיט דעם טעמפּאָ פון אייזן, און די נשמה האָט אויפגעגעבן איר פשטות, און איז אַנשטאָט דער מעלה געוואָרן פלאַך. די זאָרגלאָזיקייט פון אויסשפּרייטן זיך אין נאָנטער פאַרבינדונג מיט מענטשן האָט אויפ־געהערט, אָדער איז אַ סך פאַרמינערט געוואָרן, מאַשינען וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם פעטישיזם פון מאַטעריע בלייבן אַלע מאָל איזאָלירט, אַפילו זיי דינען צו דעם זעלבן גאָט, — באַוואַכט און באַצווינגען מיט די שרויפן וואָס האַלטן זיי צונויף.

די קאַפּירונג מערקט זיך אויך צווישן מענטשן, אין די באַצי־אונג פון איינעם צום צווייטן, טראָץ דעם וואָס דער מענטש איז אַ אינטימע און געגנזייטיקע באַשעפעניש איזאָלירט ער זיך אַליין שטעלענדיג אַרום זיך אַ צוים פון דעם איינפלוס פון דער היינטיגער צייט.

עס איז דערפאַר נאַטירלאַך דער זיפץ, דער אויסרוף פון דער אידעע אַנקעגן דער ריזיקייט פון דער שטאָט ווייל זי שטעלט פאָר דעם זיג פון אַ שטאַרקן געגנער.

דאָס ליד טראָגט דעם אינטימען מענטשלאַכן איינדרוק אַרויס צו דער עפענטלאַכקייט. דאָרט דריקט ער זי אויס אין די ערשטע קוואַלן. עס איז פונקט ווי אַ געשריי פון אַ מענטשן, דאַרף ערשט פאַרשטאַנען ווערן צוליב וואָס ער האָט געשריגן, אַזוי זענען די

ווערטער אין ליד די ערשטע אויסרופן וואָס דאַרפן ערשט פאַרשטאַ־נען ווערן פאַרוואָס מען רופט זיי אויס. דער וואָס איז יונג אין יאָרן — זינגט. קינדער זינגען אַמערסטן, ווייל די פאָרם וואָס געזאַנג פאַרנעמט אין געפיל איז די רעאַלע צופּאַסונג צו דער עכטקייט פון דער אינטואיציע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז עס ווענדט זיך אין דער טיפקייט פון אַ קינסטלער נישט צו פעלשן דעם פאָרם צו דער אינטואיציע, אָבער דאָס איז שוין אַ גאַנץ באַזונדערע זאַך. וואָס איך וויל דאָ אונטער־שטרייכן איז, אַז דאָס ליד איז אַמנענטסטן צום געפיל ווי וועלכע עס איז אַנדערע קונסט, מיט דעם אויסנאַם פון מוזיק.

האָבנדיג אין זינען אַז געזאַנג איז ווירקלאַך דער שאַרפסטער אויסברוך פון געפיל — פון דעם רויען לעבן אומבאַרעכנטערהייט, ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, און ווי עס פּאַסירט מיט מענטשן ביי גרויסע פאָלקס אויסברוכן זיך אונטערצוואַרפן דער באַגייסטע־רונג פון ליד ווי עס איז אַ שטייגער מיט דער מאַרסעליעזע, דעם אינטערנאַציאָנאַל, און אַנדערע פרייהייטס און מלחמה לידער, ווערט עס נאָך אַמאָל באַשטעטיגט, אַז דאָס ליד איז אַמנאָנטסטן צום מענטשלאַכן געפיל און אינסטינקט.

נאָך אַ גרויסע מעלה פון ליד באַשטייט אויך אין דעם, וואָס עס דריקט אויס אַ מער דערהויבענע שטימונג פון מענטשן וועגן אַלעם און אַלעמען. ווייל דעם פּאַטאָס פאַר דער אינטואיציע קען ער ווירקלאַך פאַרמאָגן נאָר דאַמאָלסט, ווען ער זעט די וועלט אין אַ שענער ליכט ווי זי איז געוויינטלאַך.

דורכן ליד גייען דורך אַלע טענער פון דער צייט; און מען דאַרף דאָס נישט צורעכענען צו די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון קינסטלער, ווי עס איז זיך מערסטנסטייל נוהג די קריטיק. וואָס פאַר אַן אינדיווידועלן שטעמפּל די שאַפונג זאָל טראָגן, דריקט זי

אוים, פריער פאַר אַלעם די צייכנס פון לעבן און די אַלגעמיינע סביבה פון דער צייט וואו דער דיכטער לעבט. דאָס וויכטיגסטע פון שאַפן באַשטייט נישט אין דעם אויסדרוק דורך דער קונסט, נאָר דער אויסדרוק פון דער קונסט, דער אופן ווי אַזוי דער קינסטלער שאַפט געהערט צו אים; דער אינהאַלט איז נישט זיינער. עס קען געהערן: צו יצחק׳ן, צו דער מאַשין, צום פעלד און יצום כלל.

מען ווערט אָפט פאַרוואונדערט ווען מען געפינט אוים אַז אַ גרויסער שאַפער איז נישט קיין גרויסער מענטש. ווען מען ווערט געוואָר פון אים עפּעס נישט שיינעס. ווי אַ שטייגער דער פאַל מיט אָסקאַר ווײַלד. ספּעציעל איז עס אַזוי מיט׳ן געוויינטלאַכן פאָלק; זיי וועלן נישט מוחל זיין אַן אָפּגאָט וואָס האָט איינמאָל באַפלעקט זיין קרוין מיט בלאָטע. אָבער טראָץ דעם וואָס עס איז אַ גרויסער פאַרגעניגן צו וויסן אַז דער קינסטלער איז אַ פּערזענלאַכקייט — איז עס אָבער נישט דעם קינסטלערס פליכט דאָס צו זיין. ער האָט נישט מער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט ווי דער דורכשניטלאַכער מענטש. ער איז נאָר דער לייוונט אויף וועלכן דאָס לעבן מאָלט זיך ארוים, דורך זיין באַגאַבטקייט. און דערפאַר איז דאָס ליד, דער ראָמאַן, ווי די סקיצע, מיט זעלטענע אויסנאַמען, די דערשיינונג פון לעבן פון מענטשן אין אַלגעמיין, איידער פון דעם קינסטלער פּערזענלאַך.

דאָס וואָס אַ געזעלשאַפט לעבט איבער אין איר צייט ווייזט זיך ארוים אויף פאַרשידענע אופנים. איינער פון זיי איז דורכ׳ן ליד. מען האָט קאַנט׳ן פאַרגעוואָרפן אַז די מאָראַל פון „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו" וואָס ער האָט געשאַפן, איז באַאיינפלוסט געווען פון דער צייט, פליכט און געוואוינהייט פון פּרייסישן גייסט. היינע, זייענדיג אין פּאַריז, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, האָט גע־שאַפן לידער וואָס זיינען געווען באַאיינפלוסט דורך דעם גייסט פון רעוואָלט. עס איז אַן אַלטע געשיכטע, אַז דער מענטש איז באַווירקט

פון זיין צייט. נישט נאָר דער געוויינטלאַכער מענטש — נאָר אויך דער זשעני.

עס איז אָבער וויכטיג דאָס: דער מענטש, דער שאַפער גופא פאַלט אוועק אַזוי ווי צום הינטערגרונט, און דורך אים זעט זיך ארויס דער שפּיגל פון דעם טומל און קלאַפער געצייג פון דער געזעלשאַפט. וואָס אומרואיקער אַזאַ צייט איז, אַלץ בולט'ער קומט ארויס דאָס אַלגעמיינע, וואָס גרעסער די ווייען זיינען פון אַ געזעלשאַפט, אַלץ מער שפּרייט זי זיך אויס דורך אַלע פאַזן פון שאַפן.

שווער איז דער עול פון דער געזעלשאַפט. אפילו אין פרידלאַכער צייט טראָגט מען ווי אַ לאַסט אירע פליכטן. פאַר דעם איינצלנעם מענטשן איז אויך די פרידלאַכע צייט אַ מלחמה. אַ קריג, וואָס ער דאַרף פירן אין זיין אייגענער וועלט. אָבער נאָך ערגער ווערט עס ווען די געזעלשאַפט ווערט אומרואיג; ווען זי נעמט זיך וואַרפן ווי דער ים זיינע כוואַליעס. דאַמאָלט פאַרלירט דער איינצלנער זיין אינעווייניקסטן באַטרעף, אָדער אין בעסטן פאַל, ווערט ער פאַרמינערט. די לאָזונגען און פרינציפּן פון לעבן ווערן דאַמאָלט ארויסגעשטעלט פון פאַרטייען, און אַלעס וואָס ווערט געפירט און גערעדט איז אין נאָמען פון אַלגעמיינעם. אודאי קען מען דערצו נישט העלפן, די געזעלשאַפט מוז אויפשטורעמען ווייל דאָס לעבן מוז האָבן אַן איבערענדערונג אין דעם צווישן־צייט פון צייטן; דער מענטש וואַרפט זיך אונטער געהאָרכזאַם, ווייל ער ווייסט אַז די באַנייאונג פון דעם כלל מיינט אויך פון אים אַליין. אָבער שטיל, אינעווייניג ביי זיך אין האַרץ, ווינטשט ער די פרייהייט פאַר זיך אַליין:

> פריי ווי דער בוים און דאָס גרין,
> געוואָלט וואָלט איך ווערן;
> נישט וויסן פון ציל און פון זין,
> און פריי פון באַגערן.

ער דערפילט זיך אַזוי פאַרצוימט אַז ער וואָלט געוואָלט אַוועק פון דעם גוטן ווי פון בייזן. ער ווינשט זיך דעם מזל פון אַ פלאַנץ אום צו קענען אַריינזאַפּן אין זיך דעם לעבן פון פשטות אַזוי ווי זי טוט עס.

ניט ווּיסן פון וויי און פון פרייד,
פון רו און פון פּיין;
נאָר אויך גלייך מיט זיי, שטילערהייט,
בלויז וואַקסן און זיין.

(א. רייזען).

אין טומל פון לעבן, פאַרגעסט מען זיך צו פאַרגלייכן מיט פלאַנצן אָדער מיט חיות; דעם מענטשן דאַכט זיך אויס אַז ער איז עטוואָס מער פון זיי, און זיין באַרוף איז עטוואָס אַנדערש. ווען עס ווערט אים אָבער זייער שלעכט פאַרקוקט ער זיך אויף די פלאַנצן אָדער אויף דער חיה, און וואונדערט זיך פאַרוואָס ער האָט נישט די רואיקייט אָדער די פרייהייט ווי זיי.

די געזעלשאַפט איז אַלע מאָל ווי אַ ספינקס פאַרן איינצלנעם מענטשן; ער קען איר נישט פאַרשטיין, — מעג ער איר ווי פאַרשטיין. זי מיט איר כאַאָס, מיט איר דורכפאַל, מיט איר פרידן האָט קיין מאָל נישט קיין האַרמאָניע. ווער איז גליקלאַך אין אירע שטורעמס און ווער איז צופרידן מיט איר פרידן?

וואָס זאָל מען שאַפן פאַר איר און וואָס וויל זי? און וועלכער איינצעלנער מענטש קען פאַרנעמען דעם שוואונג פון איר מאַכט, וואָס טרעפט אים דורך אירע געזעצן.

איך לאָז זיך אַרונטער צום גראָז פון'ם פעלד,
צו זוכן אַנטרינונג און טרייסטונג און חבר'שן שוץ
אין טויאיגער קילקייט און נאַכטיגן ריח פון ערד —

## אין שטילן פאַרגיין

די ערד וואָס איז אומעטום גלייך צו אין „עס־עס־עס־ער“
צי אין לאַנד פון „יו־עס“.

(לייוויק).

דער מענטש וויל זיך אָפּרוען אין זיין אייגענער וועלט כדי צו זוכן אַנטרינונג און טרייסטונג, דאָרט וואו די געזעלשאַפט איז נישטאָ. דאָרט וואו נאָר ע ר קען אריינקומען און זיך איינהערען צו זיך אַליין. און זיך אָפּרוען. וואָס איז אָן אונטערשייד וואו? צו אין „עס־עס־עס־ער“ צי אין לאַנד פון „יו עס“.

די אומרואיקייט פון דער געזעלשאַפט גייט אַדורך דורכ׳ן מענטשן און רודערט דאָרט אויף פאַרבאָרגענע שרעקעדיקייטן, ער ווערט צוטומלט און לויפט צו זיין אייגענעם איך, זיך צו ראַטעווען. אָט די טונקעלע און צוטומלטע אינטימקייט שפּאַרט ארויס דורך דער אינטואיציע פון דעם קינסטלער, און אין זיין שאַפן זעען מיר פאַר זיך הויפּטזעכלאַך דעם מענטש — דעם אַנדערן, נישט אים אַליין, דערפאַר קען דאָס שאַפן פון קינסטלער זיין אַ באַזונדערע זאַך, און זיין אייגענע פערזענלאַכקייט עפּעס אַנדערש. דעריבער זיינען דער קינסטלער און די סביבה אָפּגעטיילטע געגנשטאַנדן, וואָס האָבן גאַנץ באַזונדערע ערטער, וואָס פאַרבינדן זיך נישט אין דער צוזאַמענ־אַרבעטונג נאָר ווירקן אויף באַזונדערע אופנים.

* * *

## 1

פאר אונז וועט זיין אינטערעסאנט צו זען, ווי טיף עס רוישן די קוואלן פון לעבן אין דער סביבה פון דער אידישער ליטעראטור. מיט וואס פאר א קאלירן צינדט זי אן אונזער פאנטאזיע. מיר ווילן אריינגיין אין די טיפע באהעלטענישן פון די געפילן און געדאנקען וואס דער קינסטלער ברענגט ארויס, אום זיך דארט צוצוהערן צו דעם קלאנג וואס קייקלט זיך, דורך די קאנאלן וואס אונזערע שאפערס גראבן, באגלייט פון זינד און געלעכטער, זיפצן און קאמף.

מיר מיידן אויס אבצושאצן דעם טאלאנט פון שרייבער. וואס מיר ווילן וועגן און מעסטן, איז די אידייען אנשויאונג וואס אנט־פלעקט זיך אין זיין געשאפענעם מאטעריאל, די פערזאנען טיפקייט און פלאכקייט, די באציאונג פון יחיד צו די געזעלשאפטלאכע פראבלעמען, זיין צער, זיין פרייד, זיין אונטערגאנג און אויפגאנג.

שאפן אליין צוליב שאפן — איז די שטופע פון נארן. אויב דאס שאפן האט נישט קיין ציל, איז עס אהן פייער ווי דער מענטש וואס לעבט אן א צוועק. זאלן מיר אלזא זען דעם ציל פון דער אידישער ליטעראטור. אמת, ליטעראטור איז דער אויסדרוק פון לעבן, און קאן זיין ציללאז ווי דאס לעבן. דאן זאלן מיר פרובירן זוכן די טיפע זייט וואס אנטפלעקט זיך אין אונזער ליטעראטור און לערנען און דערקענען אירע שיינענדיגע זייטן.

מיר רוען מיט א שמערץ אין זיך גופא, ווייל דער אינסטינקט פילט דעם בין השמשות וואס ווארט אויף אונז צום סוף פון די

טעג, און מעגן מיר זיך ווי זוכן אויפצוהייטערן א פארטומלונג פון פרייליכקייט, וועט זיך דאך אין אונזער יעדע באוועגונג, קערפער־לאך און גייסטיג, פילן די מורא פאר דער צוקונפט, פאר דעם וואס דראעט אנצוקומען. דאס איז דער שטן פון אונטערגאנג וואס קאר־טשעט איין אונזער כח פון ווילן און פון פרייד. דאס איז דאס לעבן וואס ווערט מער באהערשט פון אינסטינקט ווי פון שכל. בא דעם טויט קאן דער שכל קיין טרייסטער נישט זיין. טראץ דעם וואס מיר פארגעסן יענעם לעצטן סוף, ציטערט אבער בא אונז דער אינסטינקט, ער פילט די דעמערונג פון יענע טעג ווען דאס לעבן וועט אוועקפאלן און אוועקלייגן די שווערד פון קאמף.

א, זיסע גליקלאכע מינוט
דו רייצסט מיין בלוט מיט ווילדער גלוט,
און כ׳וויל מיט פרייד דיך גריסן,
דאך ווי א שווארצע שפוק געשטאלט
דער שאטן פון דער צוקונפט פאלט
און לאזט מיך נישט געניסן. —
די לאנגע צוקונפט וואס פארגאלט,
דעם קורצן איצט דעם זיסן.

יהואש.

עס פילט זיך דא דער זיפץ פון א שווער געמיט און די האנט ווערט אפגעהאלטן צו נעמען פון לעבן, וויל ער זיך מיט פשרות פארטומלען, און שרייט:

דער שאטן פון דער צוקונפט פאלט,
און לאזט מיך נישט געניסן.

מיר זעען דא די שיינקייט פון אינסטינקט, זיינע טרערן איבער

דעם יחידם אונטערגיין. און אויב מיר קאָנען נישט מוחל זיין וואָס אין האָם איז ער בלינד, מוזן מיר אים אָבער הויך אויפהייבן און באַגריסן, ווען ער נעמט זיך אָן פאַר אונז.

און יהואש זינגט ווידער:

איך האָב געשיפט זיך אויף דעם שנעלן פלוס,
ווי אַלץ פאַרשווינדט און אַלץ פאַרשווינדן מוז,
ווי ס׳שטאַרבט דער אָבשיין פון דעם שטערן
און ווי דער קול, פאַרגייט דער עכאָ אויך
און ווי דער פלאַם וועט אויך די שפור פון רויך
פאַרטראָגן און פאַרגעסן ווערן.

פאַר אונז בלייבט דאָמאָלסט איבער די פראַגע, ווען מיר קוקן אַריין אין אָט דער טונקלקייט פון לעבן: איז גערעכט אַקעגן צו גיין דעם לעבן מיט איינגעבויגענע בלומען, צוליב דעם טרויער פון יענע לעצטע טעג? צי דאַרפן מיר באַקעמפן און פאַר׳שיכורן אונזער אונטערבאַוואוסטזיין און אָננעמען אַ פּאָזיציע אַקעגן דער ווידער־האָלונג פון אָט דעם ציטער? אויף דעם זאָלן מיר זיך ענטפערן, אַז יאָ. מיר דאַרפן באַקעמפן אָט דעם ציטער, ווייל אַז נישט וועלן מיר אַרויפקומען אויף דעם שליאַך פון הבל הבלים. דאָרט וואו עס ברענען פאַרנעבלט די ליכט נאָך דעם מענטשלאַכן געדעכעניש און עס פילט זיך דער גערוך פון נגלע בלעטער. דער מענטש דאַרף זיך אַזוי האַלטן אַז ער זאָל אויף דעם וועג פון פעסימיזם נישט אַרויפגיין, ווייל אָט דער וועג איז צו געפערלאַך, ווייל ער איז צו קלוג. בא דעם ראַנד פון אָט דעם וועג וואַרט זעלבסטמאָרד, ווייל די העכסטע שטופע פון מענטשלאַכן שכל מאַכט שלום מיט דער לערקייט פון לעבן, און לאָזט זיך אַרונטער אין די באַהעלטענישן פון טויט אַלס פּראָטעסט צום הבל הבלים, ווייל —

ווי דער קול פארגייט דער עכא אויך
און ווי די פלאם וועט אויך די שפור פון רויך
פארטראגן און פארגעסן ווערן.

2

עס זיינען דא צייטן, ווען דער מענטש פארטראכט זיך וועגן דער נאטור. דאס פעלד, די ערד, דער הימל, אלעס זוכט פלוצים אויפמערקזאמקייט פון אים, ווי ער אליין זוכט אויפמערקזאמקייט פון אנדערע. עס ווייזט אוים אז עס איז דא א אומגעשריבענער אבמאך יצווישן אלעס וואס איז דא אין דער וועלט צו זוכן אנער־קענונג אויף א באזונדערן שטייגער. דאס בעט רופט ארוים א גוט ווארט דורך דער רו וואס עס טראגט פאר דעם מענטשן. די שטימע ברענגט דעם מענטשן די אויפמערקזאמקייט. עס איז נישטא אן עפעס וואס זאל זיך צופרידן שטעלן אן אנערקענונג, אן א גלעט, אדער נישט ווערן באשאנקען מיט א צארטן געפיל. אפילו די מעכטיגע נאטור וואס דער מענטש איז בא איר נאר א ווערקצייג, וויל אויך אז ער זאל וועגן איר רעדן, זאל איר דערמאנען.

און זי הערט זיך איין וואס דער מענטש רעדט וועגן איר.

ס׳דרימלען ארום אונז פארחלומט די ביימער,
זיידענע שאטנס דעם וואלד דעקן איין,
איבער דעם וואסער אין גלענצנדע פאסן
ווארפט די לבנה איר צערטלאכן שיין
שפילנדיג גרייזלט דער נאכט־ווינד די גראזן,
ס׳וויגן די ווערבן פארשלאפן דעם קאפ.
טויזנדער גאלדענע אויגן פון הימל
פינקלען און שפיגלען אין וואסער זיך אפ.

יהואש.

מיר זעען דאָ, אַז דער נאַטור ווערט געגעבן איר צערטלאַכקייט, איר גלעט, ווי עס פאַרלאַנגט עס אַ קינד בײַ דער מוטער, ווי עס קריגט עס אַ געליבטע. דער שאָטן פון עלנד און איינזאַמקייט דער־שרעקט אַפילו די מעכטיגע ימ׳ען, די אונענדלאַכע טייכן, די וועל־דער אין זייער שטילקייט בענקען אַז דער מענטש זאָל וועגן זיי רעדן. די שווייגנדיגע נאַכט וויל אויך נישט בלייבן אַליין. דער הימל, די בערג, די זון, אַלעס בעט זיך בײַם מענטש: רעד, רעד, דערמאָן אונז.

דער בייזער ים וויל אויך אַ גלעט איבער זיינע וואַסערדיגע באַקן. זיין אומגעהויערע מעכטיקייט איז נאָך פאַר אים ווייניג שטאָלץ, זיין אונענדלאַכע ווייטקייט איז צו קליין פאַר אים. די שטורעמס מיט וועלכע ער שפּילט זיך פאַר צייט פאַרטרייב ווערן אים דערעסן, און ער ווענדט זיך צום מענטשן ער זאָל וועגן אים רעדן. ער וויל עס זאָל אים היימלאַך ווערן, ווייל אָן דעם מענטש איז אַלעס עלנד.

און יהודה הלוי זינגט:

„אָנגעברוגזט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט
פּלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער ווינט זיך שוין און ברומט,
און אָט לויפט שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים
כוואַליעס לייבן, כוואַליעס שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום.“

און ווען דער ים פילט זיך באַפרידיגט, ווען מען אַנערקענט זיין ברוגז ווערן, וויל ער זיך אויך אַ שפּיל געבן, און ער צערטלט זיך, —

## אין שטילן פאַרגיין

ווי שאָף צושפּרייט די קליינע כוואַליעס,
שטיל וויגן זיך אין לייכטן דרימל,
עס ציטערן אין ים די שטערן.
ווער איז דאָ ים, און ווער איז הימל?

נישט נאָר צערטלט זיך די נאַטור, און האַלט זיך שטאָלץ, נאָר זי באַדויערט זיך אויך ווען זי האַלט אין וועלקן, פּונקט ווי דער מענטש ווערט זי פאַרטרויערט, ווען איר ווינטער קומט אָן, ווען די ביימער טוען זיך אָן אין די ווייסע עלנדע בגדים פון שניי. ווען דער ווינט יאָגט זיך דורך זייערע צווייגן פון וואַנען די פייגל זיינען שוין לאַנג אוועקגעפלויגן. זי וויל אַז אין דער שעה פון איר איינזאַמקייט זאָל דער מענטש זי באַזוכן, רעדן אַ וואָרט פון איר, און דאָ קומט איר ווידער צו הילף די פּאָעזיע, די פידל וואָס קאָן ארויסברייינגען דעם טיפסטן וויי, און גיט איבער אַ גרוס צום מענטש פון דער אַלוועלטלאַכער נשמה, פּונקט ווי פון יחיד.

אויפן זילבערנעם שניי פונם פּאַרק
פאַלט אַ שטראַליגער גרין־בלאָער גלאַנץ,
יעדער בוים מיט זיין שאָטן ביים זייט,
יעדע צווייג איז פון בלומען אַ קראַנץ.
אין דער זילבערנער שטילקייט פון פּאַרק
הערט זיך נאָר ווי עס פּלאַצט וואו דער אייז,
צווייג און בוים, נאַכט, און קלאַנג, און פאַרלאַנג
שטייען שטילע פאַרגליווערט און ווייס.

י. י. שוואַרץ.

אזוי רייסט זיך דערמאָנט צו ווערן אַלץ וואָס געפינט זיך אין דער וועלט. קיינער וויל נישט בלייבן פאַרשאָטנט אין דער איינ־

זאמקייט און פארגעסן ווערן. און דער מענטש וואס איז פול מיט ביטערניש איבער זיין אייגענעם לעבן איז מוחל דער נאטור איר אייביגע געהיימנים, וואס דערציט אים און נעמט אים צוריק אוועק אין א באהאלטענעם אבגרונד פון אירע סודות און ער זעצט זיך אוועק נעבן איר שוים, און דערמאנט איר ווען זי איז שטיפעריש אין זומער, און באזוכט איר בא איר טרויער אין ווינטער. ער ווערט נוטמוטיג געשטימט ווען ער הערט זיך איין צום געזאנג וואס קומט ארויס פון לעבן. דארט הערט ער דעם כאר פון דער אלוועלטלאכער נשמה, וואו ער איז דער פארמיטלער פון אירע פעדים און דארט געפינט ער אויך זיין לוין, ווייל ער דערקענט די חשיבות פון זיין פערזאן און רוט מיט שטילער פרייד אין זיך גופא.

3

עס זיינען דא מענטשן וואס האבן אין דעם וועג פון לעבן נאך גארנישט הנאה געהאט, אדער וואס זיי האבן געהאט איז געווען אן ארעמע מתנה צו דעם גרויסן פארלאנג פון דער מענטשלאכער נשמה. זיי ווערן צוגעוואוינט בישלאכווייז אקעגן צו גיין דעם לעבן מיט איינגעהאלטענע טריט, און קריגן דאס געפיל אז זיי זיינען איבעריג אויף דער וועלט. זייער נשמה מאכט קיינמאל נישט שלום מיט דעם משפט פון די אומשטענדן. זי רייסט זיך אדורך פון אונ־טער דעם בארג פון לאסטן און בעט זיך:

זיי א שוץ מיר, זיי א שוועסטער,
און א מאמע מיר אפילו,
לאז מיין קאפ אין שוים דיר ליינן,
אויסגיסן דיר מיין תפילה...

ח. נ. ביאליק.

דער מענטש זעט ווי די יוגנט זיינע האָט זיך אדורכגערוקט ווי אַ שטייענדיג וואַסער און ער קאָן נישט מוחל זיין די פאַרלאָרענע כישופדיגע איפרייצונג וואָס באַפרוכפּערט די באַגייסטערונג מיט פרייד, און ער קלאָגט זיך:

און פאַרנאַכט אין צייט פון רחמים,
וועל איך עפענען דיר מיין טענה,
מען זאָגט ס'איז ערגעץ דאָ א יוגנט —
וואו איז מיינע?

וואָס מיר זעען דאָ איז א געפאַלנקייט אין זיינע ווערטער, אין דעם אופן ווי אזוי און צו וועמען ער קומט אויסגיסן זיינע געפילן. ווי פּאַסט עס אין אַלגעמיין פאַר א יונגן מענטשן אוועקצולייגן זיין קאָפּ אויף א שויס פון א צווייטן מענטשן, און פאַרשלאָגן אים ער זאָל זיין זיין מאַמע? ווייסט מען דאָך אז קיינער קאָן נישט פאַרטרעטן איר אָרט. און אויב עס טרעפן זיך אזעלכע וואָס פאַרלאַנגען עס יא, איז עס נאָר דערפאַר ווייל זייער דערשלאָגנקייט האָט זיי צוגעברענגט צו לעבערלאַכקייט, עס איז די פּאָזיציע פון מענטשן וואָס האַלט זיך בראַוו ווען אַלעם גייט גוט און פאַרלירט זיין ווערט אַלס מענטש ווען אַלעם גייט שלעכט.

דאָס לעבן מאָנט א געוויסן לוין אפילו בא עלטערע מענטשן. און מיט פיל מער רעש מאָנט עס בא יונגע. און ווען דער אַלטער קאָן זיך נאָך טרייסטן פון דעם וואָס איז אמאָל געווען, און אין זינען האָבן דעם נאַטירלאכן הערבסט פון זיין צייט, קאָן זיך אָבער די יוגנט נישט טרייסטן ווען אירע קוואַלן ווערן פאַרשטאָפּט.

איר באַזיצער וואָס קלאָגט זיך האָט קיין מאָל גאָרנישט געהאַט, און האָט ער עס געהאַט, איז עס נאָר געווען אין דעם פלאַם פון דער פאַנטאַזיע, וואָס איז יצעשוואומען געוואָרן און האָט נישט געקענט זעטינן דאָס לעבן אויף דער ערד.

## אין שטילן פאַרגיין

ער זעט איין דעם אמת דערפון און רעדט זיך אויס זיין הארץ:

שטערן האָבן מיך באטראָגן
און דער חלום איז קיין וואָר נישט,
איצטער אין דער וועלט דער גאנצער
האָב איך גאָרנישט.

די יוגנט וויל זיך נישט גריבלען אין דעם תוך פון לעבן. וואָס שרעקנדיגער די פעלזן פון איר וועג זיינען, אלץ טיפער פרייט זי זיך, וואָס באהאלטענער אירע פאנטאזיעס שלענגלען זיך, אלץ מער אימפעט קריגט זי זיך אויף זיי אוועקצולאָזן און זוכן נייע דער־וואַרטונגען. —

כ'וויל נעמען פון לעבן
דאָס אלץ וואָס עס האָט.
זיין רום און זיין כבוד,
זיין שאנד און זיין שפּאָט,
די ליידן פון טייוול,
דעם נחת פון גאָט!
איך וויל עס זאָל רירן
באשטענדיג מיין ברוסט
פון העכסטע געפילן
ביז נידריגסטן לוסט.

אברהם רייזין.

און עס קומט אויס אז אויב פון אלעם קאָן די יוגנט נישט נעמען, טרויערט זי אין זיך אליין. זי ווערט נידערשלאָגן און גייט אין דער וועלט אן אומבאפרידיגטע און פילט אָן דאָס הארץ

פון מענטשן בא וועמען זי געפינט זיך מיט צער און פאַרוואורף, און אויך מיט קנאה צו אַלעם וואָס קומט אים אַקעגן אויף די פליגלען פון פרייד און שפּיל.

אָבער נישט אַלעם וואָס קומט אַרויס נאַטירלאַך דאַרף אונ־טערוואַרפן דעם מענטשן אונטער די אומשטענדן. דער מענטש דאַרף מיט פאַרעקשנטע כחות אַלעמאָל זוכן איבערצושווימען די כחות וואָס זוכן אים צו דערשלאָגן. ער דאַרף קעמפן מיט דעם טרויער, מיט דעם עלנד, און שטענדיג בא זיך איבערלאָזן געוויס אָרט וואו עס זאָל רוען ברייט די האָפנונג, וואַרטנדיג אויף בעסערע טעג.

דאָס לעבן קאָן זיך גאָר אומגעריכט אויפדעקן מיט אַ סך געניוס. נישט אַלע מאָל שלאָגן די וואַלן פון לעבן שלעפעריג. פילע ווינטן זיינען דאָ וואָס מאַכן זיי שטורעמדיג. אַמאָל רייסן זיי זיך אַריין דורך דעם געזעלשאַפטלאַכן אומרו, אַמאָל דורך עקסטרעמע ענדערונגען אין פּריוואַטן לעבן, זיי ווירקן אויף דעם מענטשן אַז אַלעם הייבט אָן שיינען מיט אַנדערע פאַרבן. פאַרצווייפלונג טרעט אָפּ, און דער מענטש שמעקט צום גערוך פון אַ נייעם געבוירן.

דער מענטש איז שוין אַזאַ באַשעפעניש, וואָס אַלעם געפעלט אים נישט. ער באַדויערט וואָס די יוגנט איז קיינמאָל נישט געווען. און ער באַדויערט וואָס די יוגנט איז שוין אַוועק. ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון אירע עראינערונגען וואָס דערמאָנען אים אַלע מאָל אין איר אויסגעלאָשענעם פייער.—

העי, איר יונגע יאָרן,
קענט איר מער נישט קומען ?
וואָס זשע האָט איר אַלע
ווען מיר פאַרנומען ?

## אין שטילן פאַרגיין

יאָרן קומען ניי,
כ'וואָלט זיי פריי באַגעגנט,
שטייט איר מיר אַקעגן
ווי נאָך נישט געזעגנט.

אברהם רייזין.

מיר זעען דאָ, אַז דער פאַרצווייפלטער וויל נישט אויפנעמען די נייע יאָרן, ווייל ער איז אַנטוישט פון די אַלטע, און דער וואָס איז נישט אַנטוישט געוואָרן, וויל זיי נישט אויפנעמען, ווייל די אַלטע לאָזן אים נישט גיין ווייטער.

די מענטשלאַכע אומצופרידנהייט טאַנצט אין אַ קיילאַכדיגן קרייז, איר אייגענעם כישוף טאַנץ. און די ווייען פון אָט דעם טאַנץ ווילן זיך דורך קיין שכל נישט באַפרייען, ווייל זיי געפינען אַ באַ־פרידיגונג אין אָט דער אומצופרידנהייט. דאָס איז דאָס שטאָף וואָס שטעלט צוזאַמען דאָס לעבן. אין וואָס פאַר אַ וועגן דער מענטש זאָל נישט זוכן די אומצופרידנהייט צו באַזיגן, בענקט ער איר פאָרט צו באַזיצן.

די אומצופרידנהייט מאַכט אים חלומען, זי פילט אים אָן מיט אונטערנעמונג, מיט אינהאַלט, און ער ליבט איר אומבאַוואוסטזיניק יאָגנדיג זיך צו שאַפן אירע וואונשונגען.

ער דערהייבט זיך העכער מיט דער הילף פון דער אומצופרידנ־הייט. זי פירט אים באַ דעם אָרעם און ווייזט שטרענג איר ווילן, און ער פאָלגט, ווייל מיט איר איז אים היימלאַכער, און פאַר איר לוינט זיך צו שטרעבן און צו דערגרייכן די העכסטע שפּיצן פון דער אוממעגלאַכקייט. דאָרט וואַרט פאַר אים דער זיג אויסגעמישט מיט אַ סך לוין, און מיט פרישן מוט צו גיין ווייטער.

* * *

היינט איז מאשין צייט. זאָל מען נעמען אַלץ פון דער נשמה און אוועקוואַרפן? זאָלן מיר זיך דען אָפּזאָגן פון דער ירושה וואָס מען האָט געקריגן פון דורות צוריק און אָנעמען דעם צייט גייסט, אזוי ווי די אידן אמאָל די תורה באַם באַרג סני? דער סימן איז דער זעלבער, דאַמאָלסט האָבן זיך די אידן געשראָקן ווייל עס האָט געבליצט און געדונערט. היינט שרעקן זיך אויך די פעלקער, ווייל עס פּאַסירט דאָס זעלבע. אמת, עס איז מיט גאַנץ אַנדערע בליצן און דונערן, היינט ווייסט מען אַז עס קומט פון דער מאַשין, מיר קענען דעם גאָט, אָבער אונזער שרעק און געהאָרכזאַמקייט איז די זעלבע ווי בּאַ יענע מענטשן וואָס האָבן זיך דערשראָקן פאַר די בליצן און אויסגעשריגן: נעשה ונשמע!

זאָל מען זיך אָפּזאָגן פון וואָס? אפשר פון פּלאַטאָס גריבלעניש וואָס פאַרפאָלגט אונז אפילו אונטער די דונערן פון דער מאַשין? וואָס איז אייביג און וועט אייביג זיין, וואו מען געפינט די לעצטע גערעכטיקייט. אָפּזאָגן זיך צו זוכן אַן אמת פאַר אַלעמען גלייך צווישן די רעדער פון אַזעלכע טיכטיגע געטער? — און פאַרוואָס נישט, זאָגן זיך דען נישט אַ סך אָפּ, פירט דען נישט אַרויס יעדעס פאָלק איר באַנעם פאַר דעם פּרייז פון אינדוסטריע? אַ נייע מאַשין איז היינט אין יעדן לאַנד מער אָנגעלייגט ווי אַזאַ נאַרישקייט ווי נשמה.

אצבע אלהים, דאָס איז אַ פינגער פון גאָט, דער היינטיגער מענטש זעט אין דעם זיין צייכן. אָבער, קענען מיר זיך דען אָפּזאָגן?

---

*) די לידער וואָס ווערן דאָ ציטירט זיינען אהרן ראַפּאַפּאָרט׳ס.

עפּעס זיינען מיר אומצופרידן, מיר ווילן נישט! דער מאַשין גאָט איז בייז, מיר ווידערשפּעניגן אים. הגם נישט הויך, אָבער עס קומט פאָר אין דער שטיל. דער מאַשין גאָט האָט ליב אַלץ זאָל זיין גלאַטיג, אָפּגעטאַקט, נישט איינבייגנדיג, און דאָ פּלוצלונג זעט ער ווי מענטשן וואָס לעבן מיט זיין גענאָד בייגן זיך עפּעס איין ווי זיי וואָלטן זיך צו עפּעס צוגעהערט.

האָבן מיר זיך טאַקע נישט געוואָלט אָפּזאָגן. איז געקומען די פּראַגמאַטישע פילאָזאָפיע מיט די צוויי גרונט געזעצן פון אירע פּרינציפּן: פאַרדינסט און נוצן. און געוואָלט איינוויגן דערמיט דעם נעמיט וואָס האָט זיך נישט געלאָזט פאַרשלעפּן פון מאַשין גאָט. דער פּראַגמאַטיזם האָט געפּרעדיגט אַז אַלץ וואָס נוצט איז אמת, אַז אַלץ וואָס ברענגט פאַרדינסט איז רעכט.

זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן פון אונזער ירושה. זאָלן מיר פאַרגעסן אָן דעם אייביגן ווילן פון נשמה, זאָל מען איבערגעבן דעם משפּט צו אַן אַנדער גאָט? פאַרטוישן יאוש פאַר די פּאַסן וואָס לויפן אויף די רעדער.

פאַרטוישן מוט אויף דעם שטאָל וואָס שלאָגט אָפּ מיט אומ־באַזיגבאַרקייט? און אפשר פאַרטוישן דאָס בלאָנדזשעניש פון דער נשמה אויף דער פעסטער פלאַטע פון דער מאַשין?

ניין מיר וועלן זיך נישט אָפּזאָגן. אַזוי ווי מיר האָבן זיך קיינ־מאָל נישט אָפּגעזאָגט. אַזוי ווי מען האָט אַלע מאָל באַזיגט אַ פרעמדן גאָט וועט מען אים אויך היינט בייקומען, אפילו די עק־זיסטענץ אין אַ מאַשין צייט הייסט נאָר דאָס וואָס איז מאַשין און סיסטעם.

זשאר... זשאר...
זשארנעם, זשארנעם,
זשארנען ווי דורך טויבע וועגט:
האמער קלאַנגען — טאַנצט אין קלאַנגען

## לוי פרידמאַן

קלינג־קלאַנג
אין די הויבנדיגע הענט —
קלינג קלאַנג.
ליגט דער אויוון אויסגעגאַסן
און דער פייער איז פאַרשטיקט:
זשאר — זשאר — זשארע, זשארע —
זשארעדיגער ליגט פאַרשטיקט.

אין דעם „אונטערגאַנג פון דער וועסט" האָט אסוואלד שפּענג־לער אַנטוויקלט די טעאָריע אַז יעדע ציוויליזאַציע איז די אויס־ברענונג פון אַ קולטור. — ווי עס ווייזט אויס איז ער גערעכט — ער נעמט אָן אַז יעדער פאָרם אין אַלגעמיין איז דער סקעלעט פון דעם ריינעם גייסטיגן באַטרעף אין מענטשן וואָס דאָס איז קול־טור. אַזוי שנעל אָבער ווי עס געשטאַלטעט זיך אין אַן עפּעס, איז זי פאַרמינערט. און בּאַ אַ גרויסע אויסברייטונג פון פאָרמען וואָס נעמען אַרום אַ גאַנצע ציוויליזאַציע און דריקן זי אויס, איז דאָס איר אויסשטאַרבונג אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב.

ער באַווייזט אַז די ציוויליזאַציע האָט אַ פאַרטיגע מאָס מיט וואָס זי באַצווינגט און אַרעסטירט דעם לעבן. מיר גלייבן אַז ער איז אין אַ גרויסן מאַסשטאַב גערעכט, פּשוט דערפאַר ווייל אין אַ ציוויליזאַציע הערשט דער געזעץ פון מעכאַניק, ווי מיר קענען עס זעען אין אונזער צייט.

דער מעכאַנישער געזעץ איז מאַכן „אַ פאָרם נאָך דעם גע־שטאַלט פון אַ פאָרם" נון, איז אַ וואונדער וואָס באַ אונז די מענטשן ווערן כמעט אַזוי פלאַך און קאָמפּליצירט ווי מאַשינען — וואָס קאָן זיכער נישט אָפּנאַרן דאָס עכטע אויג.

אַ פּאַטש דיר אין פּנים דיין באַשאַף.

* * *

## אין שטילן פאַרגיין

אין גערדריי, אין גערדריי — אַלץ אין גערדריי
וואו דער אָנהויב אינם דריי
איז דער אויסלאָז אין דריי...
וואו דער אויסלאָז אין דריי
איז דער אָנהויב אין גערדריי
שווינדל שפּינדל — וועלטל־שפּינדל
אין גערדריי אין גערדריי.

צי מען קען איינשטימיג זיין אָדער נישט, צי די ציוויליזאַציע איז אַ פאַרגליווערונג פון די קולטור — עס דאַכט זיך אויס אַז זי איז אַ מין באַרייכערונג פון מענטשלאַכן וויסן, אַ מין אָנזאַמלונג פון פילע זאַכן פאַר זיין טובה.

אייזנבאַנען, לופט שיפן און פאַרקער אין אַלגעמיין, אויסער די צאָללאָזע דערפינדונגען פון קליינעם געברויך זיינען דאָך באמת ארויסגעקומען אַ דאַנק דער ציוויליזאַציע, און דערפאַר הערט מען פויקן וועגן איר וואו עס מאַכט זיך נאָר אַ געלעגנהייט. וועלכעם פאָלק האַלט זיך עס נישט פאַר ציוויליזירט? און וועלכעם פאָלק וואָלט נישט געוועזן טיף באַליידיקט אַז מען זאָל אים זאָגן אַז עס איז נישט אַזוי? פון ענגלאַנד איז דאָך אָפּגערעדט; פון אַמעריקע איז דאָך צוויי מאָל אָפּגערעדט; איצט, וואו איז דייטשלאַנד, רוסלאַנד און פראַנקרייך? — ווי מען זעט זיינען אַלע פעלקער ציוויליזירט, און ציוויליזאַציע איז אַזאַ מין גוטע זאַך צו וואָס אַלע ווילן, האָבן דעם כבוד צו ווערן צוגערעכנט.

נאָר, צי איז אָט די באַרייכערונג אַן אמת'ע טובה פאַרן מענטשן — צי איז זי ווירקלאַך נישט קיין געפאַר און צו אַ געוויסער שטופּע אַן אומגליק צום מאָראַלישן באַנעם פון אים וואָס באַגריסט איר אַזוי פאַטעטיש? — צו איז נישט אַמאָל אַן אמת

וואָס ספּענגלער זאָגט: אַז די ציוויליזאַציע איז די אויסבערענונג פון קולטור? — זאָלן מיר זעען.

ווען מען נעמט אַרום איר באַטרעף אויפן קריטישן געביט זעט מען, אַז זי שפּרייט זיך נישט אויס פון אינווייניק. נישט אויף קוואַליטעט — נאָר אויף קוואַנטיטעט. ווער קאָן נישט מיד ווערן איבערצוציילן די מיליאָנען פאָרמען פון נוצבאַרקייט וואָס זי האָט געשאַפן? באַקוועמע שלאָף וואַגאָנען, מאָדערנע איינריכטונגען אין הייזער, בריקן, אָטאָמאַטישע פּוץ מאַשינען פאַר שיך, שפּרינג פענצטער אין עס צימערן, גערטנער און בעדער אויף שיפן און דעכער פון הייזער. זאָל ווער פּרובירן צומעסטן די קוואַליטעט פון דעם אַלעם, איז נישט די צאָל פּילפאַך, מיליאָנענפאַך גרעסער איי־דער עס איז די גוטסקייט פון זיי? די ציוויליזאַציע האָט זיך אַזוי אויסגעשפּרייט אַז יעדער פון אונז קאָן זיין אַן עדות ווענגן איר גוטן אייגנטום. נאָך וואָס יאָגט זיך דער מענטש היינט — איז עס נישט נאָך וואָס מער? ער וויל די כמות נישט די איכות — מער אַ שטיק פון געשעפט, מער אַ שטיק פון אַרבעט, נאָכער איז עס אַזוי מיט דער וואוינונג, מיט „ראַדיאָ" און פאַרגעניגן.

דער מענטש ווערט אַ מין מעלה־גרה, ער האַלט אין קייען און שלינגט אַריין וואָס מער פאָרמען פון דער ציוויליזאַציע. און וויפיל קאָן ער אין זיך דאָס איינשלינגען?

בלייבט ער טאַקע פון איר פאַרשטאָפּט און קאָן זיך מיט נשמה נישט אָפּגעבן. דערפאַר ווערט היינט דער בוך געלייענט אַזוי ווייניק — ראַבינדראַנט טאַגאָר האָט זיך געהאַט אויף וואָס צו באַקלאָגן זייענדיג אין אייראָפּע ווען ער האָט איר פאַרגעוואָרפן אַז דער גייסט דאָרט איז בא זיך אָראָפּגעפאַלן.

פון דעם אויספיר זעט מען אַז די ציוויליזאַציע איז ווירקלאַך אַ מין אויסבערענונג פון מענטשלאַכן גייסט. אויב זי איז עס נישט אַזוי אין בוכשטעבלאַכן זין פון ספּענגלערן איז זי זיכער אַ

גרויסע פארהאלטערן פון דעם. זי איז א שטער און אן אומגליק און באפרייען קען מען זיך נישט פון איר — עס קומט נאר אויס אוועקצורופן דעם מענטשן פון איר.

אין אלע דערוויילִיקייטן...

די דערוויילִיקייט — איז די נישט באפרידיקונג:
עס באפרידיקט זיך נישט גייסט פון באשאף.

רופן? וואס הייסט היינטיגע צייטן רופן אז קיינער פאלגט נישט. אז מען איז חוזק'דיג צום גייסט און מען האט די מאשין בא דער זייט. וואס גייט אלעם אן — וואס דארף מען נשמה:

ווי זיי האבן זיך עס אריינגעביסן אין רויער ערד,
מיט פארקויפטן לייב און לעבן געגראבן חומר אונזערן
פון רויער רו
געשמאלצן, געפורמט,
מיט זשארעדיגן נייגער אריינגעהאמערט לעבן זייערן —
צופלאמטן מארך אין קאלטן שטאל,
פארקנעכט אונז חומר:
געצוימט אונז זעאונג!

„פארקנעכט אונז חומר, געצוימט אונז זעאונג", ווי ריכטיג און אויפריכטיג די ווערטער זיינען צוגעפאסט צו אונז. מען קען זאגן אז אלע מענטשן זיינען במעט ווי פארקנעכטעט מיטן חומר, דער וואס האט גארנישט שפאנט זיך איין עפעס צו האבן — און די וואס האבן א סך יאגן זיך נאך א גרויסן פארנעם. און ווער זעט היינט — וואס איז דאס זעען וואס מען זעט אין אונ־זערע טעג אין אלגעמיין? —: ווי אזוי עקענער פליט אריבער דעם אטלאנטיק קיין אמעריקע — א גרויסער מעדיסאן סקווער גארטן — א נייע בריק וואס ציט זיך איבערן הודסאן, און נאך פיל ענלאכקייטן פון קלענערן באטרעף. עס הייסט אז מען זעט דאס וואס איז פון אויסווייניק, אט די אויסגעבערענטע פארמען פון דער

קולטור, ארום זיי רינגלט מען זיך ארום און מען בוקט זיך ווי פאַר נאָלדענע קעלבער.

עס מאַכט נישט אויס צי זיי זיינען נוצלאָך, אודאי זיינען זיי אַזוי, אָבער דאָס ווייזט דאָך אַקוראַט וואָס דער מענטש פאָדערט: נוצלאָכע זאכן — די פרוכט פון דער פראַגמאַטישע פילאָזאָפיע — טאָג טעגלאָך ווערן זיי געמאַכט אין די מיליאָנען, און ער האַלט אַלץ אין איין קוקן אויף די וואונדער פון אויסווייניק. ווער קאָן שוין האָבן כח און צייט צו עפּעס אַנדערש? — דער גייסט פון ראַד פון דער מאַשין צייט רעדט:

אַנהויב — וואו?
אויסלאָז — וואו?
קיילעך־קיילעכדיג
דריי זיך דרייענדיג
ניטאָ קיין רו.

און די „שפּאַנענדיגע כימערן" וואָס איז פאַרפירט און פאַרפירט, ציט פאַראויס צו אַ בלינדער זעאונג וואָס איז איינגעבילדעט אין מענטשן:

אין גרויען יאָך שפּאַנען זיך
שפּאַנען מיר און שפּאַנען —
זון און ים'ען איינצושפּאַנען
שפּאַנען מיר און שפּאַנען.
נאָך מיר, נאָך מיר
אין ווייטע, ווייטע ווייטן;
צייטן צו פאַרבייטן.

אמת, פאַרביטן די צייט אַז מען דערקענט זיך נישט. ווען מען זאָל אָראָפּציען אַ באַלאַנס פון די געזעלשאַפטלאַכע אומשטענדן איז דער מענטש געבליבן אַ מין איבעריגער נפש, וואָס מאַכט דעם איינדרוק אַז צוליב דעם וואָס מען דאַרף אויסהאַלטן די מאַשינען, אייזנבאַנען און אַפּיסעם מוז מען אים האָבן, אָבער אַז ער זאָל טויגן פאַר זיך איז קיינעם נישט נוצבאַר און עס איז נישט נויטיג — אַלס פּועל יוצא דערפון זיינען די פילע אומגליקלאַכע פאַלן וואָס קומען פאַר צווישן מענטשן וואָס שפּיגלט זיך אַזוי טאָג־טעגלאַך אָפּ אין דער פּרעסע פון דער מאַשין צייט; מען איז ביליג צו הרג׳נען און צו משפּט׳ן יענעמס לעבן, רכילות, וואַנזין, זעלבסטמאָרד איז שוין אַ געוויינלאַכע דערשיינונג — און זי רעדט ווידער „די שפּאַנענדיקע בימערן״.

אין ווער איז דאָרט
דאָרט פאַרשלייערט — אין נעפּלדיקן שלייער?
— דאָ בין איך
דאָס בין איך — דאָס קוואַליק, קוואַליק לעבן

פאַרוואָס איז עס אַזוי. פאַרוואָס האָט מען פאַרלוירן די איינוויניקסטע מאָראַלע וואָג אַנטקעגן יעדער אויטאָריטעט אויף וואָס זי זאָל זיך נישט באַזירן. וואו איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער גאָט וואָס זיצט אין יעדן מענטשן און האָט אויף אים אַן איינפלוס? — דאָס אַלעס איז געקומען דערפאַר ווייל עס רעכנט זיך היינט נישט „ווער״ — נאָר „וויפיל״ „ווער״ שטעלט אַוועק אַן אַנזעען פון אַ מענטשן, „וויפיל״ שטעלט אַוועק אַ צאָל פון ציפערן, עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזער צייט אַז אַלעס ווערט געמאָסטן אין דער פילפאַכקייט נישט אין דער איינצלקייט. ווען די סטאַטיסטיק גיט אַ חשבון פון אַלגעמיינעם פאַרמעגן פון לאַנד, און וואָס

עס קומט אוים יעדנס חלק ווערט מען פאַרוואונדערט אויף דעם גרויסן טייל וואָס עס קומט אוים פאַר יעדן איינעם. נאָר מען דאַרף זיך נישט איבערנעמען, ווייל היינט איז די צייט פון די גרויסע „צאָלן" קוואַנטיטעט רעכנט זיך, נאָר נישט קוואַליטעט, ווען מען זאָל דעם דורכשניטלאָכן מענטשן פרעגן: וואָס פאַר־מאָגסטו, וואָלט מען די פראַגע געדאַרפט שטעלן פון דעם אופן פון קוואַליטעט. נו, וויפיל וואָלטן געקאָנט אָנווייזן וואָס זיי פאַרמאָגן? ווען מען שטעלט עס זיי אָבער נישט, נאָר אַלע אינאיינעם ווערן אַרונטערגענומען אונטער איין ציפער, ווערן זיי פטור פון דער טוגענד אָנפראַגע.

אונטער די אַלגעמיינע ציפערן פון אַ לאַנדס פאַרמעגן ווערן באַהאַלטן די אָרימע לייט און מען קאָן זיי נישט אַרויסזעען, אַזוי ווערן אונטער אַלגעמיינע ציפערן פון געלערזאַמקייט, אינסטיטור־ציעס און ציווילִיזאַציע באַהאַלטן די וואָס זיינען אָרים מיט איי־גענעם באַזיץ און קאָנען זיך מיט אייגנס נישט אויסצייכענען.

ווען מיר ווען קאָנען אַריבערקוקן אונזער צייט, די פון „ראַד און גערדריי" וועט מען אָנהייבן פאַרמאָגן עפּעס אייגנס. און מיר וועלן ענטפערן אויף „ווער" אַנשטאַט אויף „וויפיל".

* * *

ווען אַ ליד ווערט געשאַפן, דריקט עס אויס אַ קאָמבינאַציע פון געפילן, וואָס שטאַרקער די ליד, אַלץ פאַרוויקעלטער זיינען די עמאַציעס, — אָן צווייפל אַז אין געשאַפענער קונסט, ליגט אַ שכל, אַ פאַרטייטשונג, און מאַנכע מאָל איז עס זייער שווער צו געבן זיך צו פאַרשטיין וואָס אַ קונסט ווערק באַצוועקט. מיט דעם העלפט שוין אַרויס די קריטיק, און זי נעמט זיך די מי קלאָר צו מאַכן וואָס דאָס שאַפן באַדייט.

נאָך שווערער איז עס מיט דער קונסט פון אַ ליד, ווייל, ווי שוין פריער געזאָגט, דריקט עס אויס אַ פאַרוויקלטע קאָמבינאַציע פון געפילן. און עס פאַרלאַנגט זיך אַ ספּעציעלע געניטקייט צו קאָנען פאַרשטיין דעם שכל פון אַ ליד, עס זיינען דאָ לעזער, וואָס ווערן באַגייסטערט ווען אַ ליד קלינגט שיין, עס זיינען דאָ אַנדערע, וואָס פּאַטשן בראַוואָ פאַר אַ גראַם, — אָבער דער בעסטער פאַרגעניגען איז, צו פאַרשטיין אַ ליד. לידער זיינען זייער נאָנט צו די זעלבע קוואַלן, פון וואַנען עס קומט דאָס שאַפן פון מוזיק, און ביידע גיבן איבער דעם ריינסטן ציטער פון לעבן — אויף אַזוי פיל ווי זיי זיינען אמת׳ע קונסט. דאָס לעבן גופא, איז אַ שפּראַך פון געפיל, וואָס נעמט איז זיך אריין לוסט און אומלוסט, אויסגעדריקט אויף פאַרשידענע געביטן פון אינטעלעקט. בערגסאָן איז אַ סך גערעכט, ווען ער באַהויפּטעט, אַז דער געדאַנק איז דער אָפּדרוק פון געפיל.

ווען איינער וויל זיך דערפאַר באַגעגענען, מיט דעם נישט פאַרשטאַנענעם לעבן רויערהייט אַזוי ווי עס איז, פון די איידלסטע

אַנרעגונגען, ביז צו די גרעבסטע, ראַרף ער אריינגיין אין דעם לאַבירינט פון ליד, און פון דאָרטן פּרובירן צו פאַרשטיין.

דאָרט אין דעם לאַבירינט, באַגעגנט מען זיך פּנים אל פּנים, מיט די איינגנשאַפטן פון מענטשן רויהייט, צו זען דאָס איז אַ פאַר־געניגן וואָס נאָר דער שכל קאָן געבן, אָבער זייער ווייניג גיבן זיך די מי, דאָס צו פאַרשטיין, זיי מיינען אַז די אָנרעגונג איז גענוג. — דאָס איז אַ פעלער, און אַ שלעכטע באַציאונג, צום פּאָעט, און צו זיך, און דער שאַפנדער מאַטעריאַל ליידט זייער אַ סך, פּשוט דערמיט וואָס ער ווערט נישט פאַרשטאַנען, מיט דעם גאַנצן פאַר־נעם וואָס ס'איז דאָ אין אים.

דערפאַר איז דער רייפסטער לעזער פון פּאָעזיע, דער, וואָס זוכט נישט נאָר צו פילן נאָר אויך צו פאַרשטיין.

מען ווייסט אַז דאָס לעבן איז פול מיט פאַרשידענע וועגן, וואו דער ווילן פון מענטשן דערשיינט. עס וועט דערפאַר זיין אינטערע־סאַנט צו זען, ווי אַזוי דאָס ליד זאָגט זיי אַרויס.

עס ווערט געהאַלטן אַז ווערטער אָן טאַטן, זיינען גאָר ניט ווערט, ס'איז אָבער אַ גרויסער טעות אַזוי צו מיינען, אַזאַ ביישפּיל קען אונז ווייזן די פען ; וואָס איז אין אַלע צייטן געלויבט געוואָרן אַלס די שטאַרקסטע קראַפט צווישן מענטשן, ריכטיג דריקט עס אויס אברהם רייזן אין זיין ליד, „דער צויבערער" און טראָגט דעם וואָס ער באַזינגט נאָר דאָס טעאָרעטישע וואָרט, מיינט עס אויך די וועלט פון טאַט, ווייל דאָס וואָרט האָט נישט קיין גרענעצן, און שטעלט זיך נישט אָפּ, נאָר אויפן טורעם פון צויבערער, נאָר אויך אין דעם דענקען און פילן בא מענטשן אין זייער אַרבעט.

ווער עס ווייסט ווי ווערטער קלייבן,\
קאָן ער מיט זיי צויבער טרייבן.\
האָרכן ווערטער אים ווי שקלאַפן,\
קאָן ער מיט זיי אַלץ באַשאַפן

רייזן מיינט דאָ, נישט נאָר צויבער, נישט נאָר בויען פאַנ־טאַזיעס, נאָר אויך אַלץ באַשאַפן. אין דעם כּלל גייט שוין אַריין דאָס לעבן אויף דער ערד, נישט נאָר פון די הימלען אַליין, ווייל מיר ווייסן, אַז ווי דאָס וואָרט איז ריין, און באַשטייט פון בלויז דעם אויסדרוק פון דער נשמה, העלפט עס אָבער, אומצוואַרפן, און אויפצובויען, איינצובייגן, און צו פאַרמען, די וועלט וואָס באַשטייט פון טאַטן. דערפאַר קען מען זיך נישט באַגרעניצן, מיט אַ לויב גע־זאַנג פאַרן וואָרט נאָר צום צויבערער אַליין.

שטעלן ווערטער זיך אין צײַלן —
ציט זיך וואַלד און פעלד פאַר מײַלן,
שטעלט ער אַנדערע צוזאַמען, —
שווימט זיין שיף אויף ווייטע ים'ען...
זוכט ער נאָר די ווערטער שאַצן,
שטייען שטאָלץ פאַר אים פּאַלאַצן...

אין דעם אויסדרוק פון „שאַצן די ווערטער" ליגט די וועלט פון טאַטן, ווייל ווען מען גייט שאַצן, קען מען שוין נישט בלייבן אין די וואָלקנס, נאָר מען מוז אויך אַראָפּנידערן אויף דער ערד, ווייל אין גרונט גענומען, איז דער טערמין „שאַצן" ניטאָ בא דעם צויבערער, ווייל בא אים איז אַלעס מעגלאַך, ווען מען גייט מעסטן די ווערטן פון זאַכן מוז מען זיך רעכענען ווי אַזוי זיי קענען געטאָן ווערן, און צי זיי זיינען מעגלאַך אין גאַנצן. דערפאַר איז דאָס ליד וועגן „צויבערער" פון רייזענען, ניט באַגרעניצט אין דער וועלט פון פאַרשטעלונגען, נאָר גייט אויך אַריבער זיי. און גלאָריפיצירט דאָס וואָרט אויך פאַר דעם פּראַקטישן שאַפן.

נאָך בולט'ער ווערט דאָס בילד, ווען מען נעמט אין זינען, אַז דאָס גאַנצע אויפוויקלען פון אונזער שאַפן, און דערפינדן נייע

זאכן, איז טאקע ווי א מין צויבער, וואס מען האט זיך גאר נישט געקענט פארשטעלן, אפילו דאס, וואס עקזיסטירט שוין פאר די אויגן, אלס נישט קיין צויבער, איז ענג פארבינדן מיט דעם נאטירלאכן זין פון דעם טערמין. ווי עס איז צום ביישפיל בא ראדיא. מען מוז דערפאר פארבינדן דעם באגריף פון צויבער, אמווייניגסטן אין דעם כח פון מענטשלאכן זשעני, צוזאמען מיט דער רעאלער וועלט, און דערפאר גייט רייזינס ליד אריבער זיינע אייגענע ספערן צו דער אויסשפרייטונג פון דער רעאלער וועלט.

* * *

וואונדערלאך איז די שפראך פון ליד, און געהיים, אזוי ווי עס זיינען די שטילע נעכט אויף ווייטע שטרעקעס פעלד, באגלייט מיט דעם מורמלען פון וואסערן, ציענדיג זיך אין שטילשווייגן, צוהערענדיג זיך צום אטעם פון דער נאטור, און דערציילנדיג א קיינמאל נישט אויסגעזאגטן סוד, — אזוי איז אויך דאס ליד.

גוט איז דעם וואס קאן צולייגן זיין אויער צו דעם שטילשווייגן, און דערפילן דעם ציטער וואס לויפט אדורך, אין דער שפראך פון ליד.

א שטערן גליט אין מיטן הימל, גליט און שטראלט.
און פלוצלונג בליצט ער אויף און פאלט און פאלט.
און ווערט נישט.

די דריי שורות דריקן אויס א סך פון מענטשלאכן פארוואורף, יעדער ווילן רייסט זיך צו א פונקט גארנדיג אהין צו דערגרייכן, און ווייסן מיר דאך, אז א סך פון דעם אויסדערוויילטן באם מענטשן, האט געגליגט, וועלנדיג צוקומען, און איז קיין מאל נישט צוגעקומען צו א פונקט, און איז געפאלן פלוצלינג אויפבליצנדיג פאר׳ן מענטשלאכן געדאנק דורך נישט קיין נאטירלאכן אונטערגאנג. — ווייל עס איז נישט דערלאזט געווארן זיין ווילן, ער איז פארהאלטן געווארן.

קרא—קרא ! קרא קרא ! אין גאלדיג העלער מארגן שעה.
הויבט אויף זיך קראקענדיג א שווארצע קרא.
מיט אויסגעשפרייטע פליגל.

ווען עס גאלדיגט זיך א „העלער מארגן שעה" ווערט בייזער דער כח קעגן מענטשלאכן ווילן, ער וויל נישט אז מען זאל אים שטערן, און הייבט אויף זיין קול הויך „קרא — קרא ! וועקנדיג די ברידער קראען צוהילף, און שרעקנדיג, די וואס זען זיי פליען, פאטשנדיג מיט די שווארצע פליגלען, ווייט אונטערן הימל, און פארשטעלן די זעלבע „מארגן שעה" וואס גאלדיגט זיך צום באשאף.

אין געראנגל צו קריגן די פארמעגנס וואס דאס לעבן טיילט אוים און איז בכח צו געבן, געפינען זיך אלע, און זיי ווערט געגעבן א ווידערשטאנד פון פארוויקלטע אומשטענדן, און יצולהכעים־דיגע מענטשלאכע לײדשאפטן, נישט איינמאל געלינגט עס די קראען צו קריגן די אויבערהאנט, און דערשרעקן — באזיגן, דעם מענטשן, דאמאלסט פאלט דער שטערן וואס ווערט געמיינט די אינעווייניגסטע זעאונג, פון א אידעע, — דער באוואוסטזיין וואס האט געוואלט ערגעץ גיין און אויסקלייבן א בעסערע וועלט. א סך מאל פאלן אזעלכע אידעען, דאס קאן זיין פארשטעלט פארן אויסנ־ווייניגסטן אויג, אבער אינערלאך פילט עס דער בא וועמען עס קומט פאר דאס פאלן, און ער ציט זיך צוריק אין זיין נשמה זינגענדיג זיין אייגן געזאנג פאר א טרייסט.

אויף מיין לירע שפיל איך אומגעשטערט מיין פרייד
און צער —
אמאל איז דאס געווען צום גרויסן גאט מיין האר.
און היינט שפיל איך פאר מיינעטוועגן.

מען זעט דא די באדויערונג צוליב דעם „שטערן וואס פאלט" פון דעם אינעווייניגסטן הימל וואס איז דא אין יעדן מענטשן, די איינזאמקייט — די אפגעשלאסנקייט פון אלעמען און דאס אומ־

קערן זיך צו זיך אַליין, כדי זיך צו טרייסטן און שטאַרקן, פאַר דעם פאַרלוסט וואָס מען האָט געליטן.

אין רייזינס ליד שפּרייט זיך אויס די מעגלאַכקייט צו אומ־באַגרעניצטע ווייטקייטן, ווער קאָן דען וויסן וואָס דעם „צויבערער" קאָן געלינגען ארויסצורופן, ווער קאָן וויסן וואָס דער מענטש וועט אַמאָל באַשאַפן? דער גאַנצער ווילן זיינער איז דאָך א מין צויבער. א גאַנג צו אומעגלאַכקייטן — זיי זאָלן מעגלאַך ווערן.

ווינפּערס ליד ווייזט די וואַנט וואָס שטעלט זיך אַוועק בא דעם מענטשלאַכן ווילן, בא זיינע האָפנונגען, און שטערט צו שפּי־נען דעם געוועב פון צויבער, און דאָס ווייזט אים אַז ער איז שוואַך, באַזיגבאַר, און ער כאַפּט פיל מאָל איבער די מאָס פון זיינע פאָר־שטעלונגען, אודאי דריקן די צוויי לידער אויס צוויי מאָמענטן אין דעם קאָמפּליצירטן צוזאַמענשטעל פון די מענטשלאַכע נשמה, און זיי וועלן קיין מאָל נישט אָפּטרעטן זייערע ערטער איינער פאַרן צווייטן.

דער מענטש וועט אייביג שפּינען, און אייביג פאַלן, ער וועט שטענדיג זען זיין נידערלאַגע, אָבער דאָך אַלע מאָל וועלן זיין דער צויבערער.

# דער עגאָ

פון אייביק אָן איז דער מענטש צוגעוואוינט צו פלאָנעווען אייגענע וועלטן. דאָרט שטעלט ער זיך פאָר וועט ער אליין זיין בעל־הבית. דאָס קומט פאָר באַ איינעם וואָס האָט גאָרנישט און באַ איינעם וואָס האָט א סך. דער קנעכט ווי דער הערשער שטייגן אין זייערע פאַנטאַזיעס יעדער צו דער ריכטונג, וואו עס זעט זיך פון ווייטן דער לייכט־טורעם פון זיין שלאָס. ס׳ווערט פארגעסן דאָס אלגעמיינע, די ארומיגע וועלט הערט אויף טומלען. דאָס פאַר־גניגן פון דאָס פערזענלאכע וואַרימט. דער עגאָ שטייט ווי א רויי־טער כשוף און לאָזט הערן א געוויש פול מיט צוזאָגן, און רופט דעם מענטשן: קום, קום, באַפרידיג זיך לעבן מיר.

דער עגאָ איז אן אינהאַלט וואָס לאָזט נישט פאַרווישן זיין אייגענעם ווילן. אפילו די שטורמדיגסטע געזעלשאַפטלאַכע אומ־רוען טראָגן מיט זיך זיין געשטאַלט און זיין אויסדרוק. און פאַר־לירט ער זיך יאָ אַמאָל אין זייערע באוועגונגען, קומט ער צוריק צו זיך נאָך אַ געוויסער צייט. דאַמאָלס בויט ער שוין ווידער אייגענע וועלטן, וואו ער הייבט אָן שפינען פאַסירונגען און רייצונגען, און גיסט אויס זיינע געפילן פאַר יענעמס און אייגענעם פארגעניגן, און זאַפּט איין אין זיך דיליידן און פריידן פון די אייגענע פיר ווינקעלאַך.

דער עגאָ — דאָס איז דער וואָרצל וואָס די נאַטור האָט באַ־שטימט צו ווירקן און צו דערפילן אירע וואונטשן. און וואָס שטאַר־קער אַט דער וואָרצל איז דאָ אין מענטשן, אַלץ אינהאַלטרייכער

לעבט ער. אמאָל מיטן געפיל, אמאָל מיטן שכל און אמאָל מיטן אויסדרוק.

אָבער אין דערזעלבער צייט שטופּט פון זיך אַרויס דער ענגאַ אַן איבערפלוס פון פאַרלאַנגען, וואָס זיינען אומגעגלאַך צו דער־גרייכן, אָדער נישט צייטמעסיג זיי צו דערפילן. דאַמאָלסט מאַכט ער ענג דעם מענטשן און ער קאָן לאַנג נישט שטיין אין אַ פרייער באַציאונג צום רעאַלן לעבן. עס ווערט אים שווער זיך צו געפינען אין די ערטער פון זיינע מעגלאַכקייטן. ווייל נישט אַלעם וואָס ער וויל קאָן ער קריגן. נישט פון אַלעם פון וואָס ער קאָן הנאה האָבן קריגט ער צו פאַרזוכן. שוין אָפּגערעדט פון זאַט אָפּצועסן פון דעם.

ער נעמט דאַמאָלסט צוהילף די פאַנטאַזיע, און טראָגט דעם וואָס מיט דעם גוף קאָן ער זיך קיין עצה נישט געבן און מוז בלייבן אויף דער ערד, הייבט ער זיך אָבער אויף מיט דער נשמה צו ווייטע וועלטן, וואו ער קאָן זיך מאָלן און צוזאָגן אַלעם וואָס אים גלוסט זיך.

און ער הייבט זיך אויף און שוועבט. מיט אבערגלויבן קוקט ער אין די ווייטענישן פון זיין צוקונפט און גיט זיך אַליין אַרויס וועקסלען פאַר גליקלאַכע צייטן. דער נאַאיווער באַגריף וועגן גליק ווערט נישט געשטערט אין דער וועלט פון לופט־שלעסער. דערפאַר קאָן ער זיך אויפהייבן אין דער צוקונפט וואָס רוט ווייט אונטערן הימל פאַרחלומט מיט גלויבן און ווייטע צאָלונגען —

דער יעגער האָט שוין סיי ווי סיי
די ווייסע בענקענדיקע שוואַן
פון נעץ באַפרייט,
און פילנדיג זיך אויף דער פריי
האָט אין דער ווייטער ווייט
די ווייסע בענקענדיגע שוואַן
די פלינל אויסגעשפרייט אין וועג.

דער מענטש איז דאָס דער יעגער, וואָס זוכט זיך צו באַפרייען פון רעאַלן לעבן מיט זיין פאַנטאַזיע און ווען אָט די שוואַן הייבט זיך אויף פון דער ערד, באַקומט זי ערשט דעם אימפּעט צו פליען, און פליענדיג רייסט זי זיך אַלץ ווייטער, ביז זי פאַרשווינדט אין דער אומענדלאַכקייט, אַז ער אַליין קאָן שוין נישט זען ווי ער פליט.

— מיין ווייסע בענקענדיגע שוואַן,
אָט ווייזט דו מיר זיך פון דער הויך,
אָט שווימסט דו אין דער לופטיקייט אַוועק.

ז. וויינפּער.

אָבער פונקט ווי דער מענטש קאָן נישט זיין אויף דער ערד, קאָן ער אויך נישט אייביג פליען, און ווען עס איז אים שוין צו לאַנג צו וואַרטן פאַר זיינע בענקענישן, קערט ער זיך אום צום פילאָזאָפישן צווייפל. ער זעט איין, אַז מען ווערט רעגירט פון כחות וואָס זיינען אויף צו להכעיס אַ סך מאָל דעם מענטשנס וואונטשן, און דאָס ברענגט אים דערצו, ער זאָל זיך אריינטאָן אין אַ וועלט פון גלויבן, כדי זיך דאָרט אָנצוואַרימען פאַר דער מאַכטלאָזיקייט וואָס ער באַזיצט, און דאַמאָלס גייט ער שוין איבער אין אַ וועלט פון מיסטיק. —

ווען ס׳האָט דער רויטער דעלירױם
נעלאָשן זיך אין מיינע אויגן,
האָט דאָס אַש פון מיינע חלומות
אין מיר קאַלט געזילבערט
אַ נייעם חלום.

אַ נייעם חלום, אין דעם האָט דער מענטש די ברייטסטע פרייהייט, די האָריזאָנטן פון דער אומבאַוואוסטער צוקונפט לייכטן מיט אַ סך צוזאָגן און שלעפּן אַדורך דעם מענטשן זיין גאַנצן לעבן

איבער די בערג פון קאמף, דורך די גריבער פון זיינע נידערלאגעס, א סך מאל גאר נישט הנאה האבנדיג פון לעבן, נאר זילבערנדיג נייע חלומות. —

מיט זיבן וואלקן שלייערס איז מיין גוף פארהילט
און שטיל אין די טיפענישן פון מיין הארץ
קוועלט א זעליגע זיסקייט פון מיין נישט זיין.
(יעקב גלאטשטיין)

דער מענטש איז צופרידן. ער לייזט זיך אליין אויף. שטרעקט ער זיינע הענט צו די „זיבן וואלקן-שלייערס", ווען ער טאפט אן דעם שטעכעדיגן אמת, און זיי גיבן אים פרישע בחות צו לעבן, טאקע נישט אין א רעאלער וועלט, נאר אין אן אבערגלויבישער און א נעפלדיגער, אבער דאך א רואיגער, וואו מען הערט דעם טיקטאק פון דער נשמה אפילו ווען מען קאן איר נישט באפרידיגן.

אין ז. וויינפערס ליד זעען מיר דעם יעגער וואס האט באפרייט דעם שוואן, זיין גלויבן אין דער זוכעניש פון דער ווייטקייט, וואוהין ער טראגט זיך אוועק, דעם אימפעט פון דער מענטשלאכער האפנונג, ווען זי דערהייבט זיך אונטער דעם הימל.

און אין גלאטשטיינס פערזן זען מיר דעם עגאס איינגעצאמטקייט פון זיך אליין, פון אייגענעם פארשטאנד, אויסדריקנדיג א צוויפל אין דער גאנצער זוכעניש, פון פליענדע שוואנען.

יא, פארשידנארטיג איז דער עגא און זיינע קאפריזן, פאנטאסטיש קוקן אויס די שלעסער וואס ער בויט. פון איבעראל רייסט ער זיך ארויס צום פאדערגרונט. און קאן ער דאס נישט אמאל טאן, ווערט דאס לעבן לאנגווייליג, די פארשידנארטיגקייט פון מענטשלאכן אויסדרוק באשאפט זיך נאר דורך אים, און מעג ער אפילו אנשטעקן דאס לעבן אמאל מיט צווייפל און חוזק, מאכט ער עס אבער אויך פול מיט האפענונג, אייגנארטיג און נייגעריג.

# די סאָציאַלע עטיק

אין דער וועלט עקזיסטירט אַ דאָפּלט לעבן: דעם אַרבעטערס און דעם רייכנס. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט וויל דאָס נישט אַנערקענען. זי זעט נאָר איין סאָרט לעבן: פון דעם רייכן. זי וויל נישט האָבן קיין שותּפים צו דער שפע וואָס שלאָגט פון אירע קוואַלן.

דער רייכער באַרעכטיגט נאָר זיך אַליין אַריינצואָטעמען דעם גערוך פון די לעבנס־בלומען, וואָס דער אַרבעטער פאַרפלאַנצט מיט זיינע שטייפע מוסקולן, שטייענדיג אין אָפּגעריסענער נעבן די גרויסע רעדער פון דער אינדוסטריע. נאָר ער אַליין וויל אַלץ איינשלינגען, ווייל דאָס לעבן וואָס ווערט רייף געמאַכט פון אַרבעטער, איז אַזוי אָנציענד, און אַזוי זיס, אַז ס׳ווילט זיך שלינגען און קיינעם, קיינעם ניט דערלאָזן. און איבער דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער מדינה, דורך די זומער־ערטער, וואו די רייכע קומען זיך לייגן אונטער די שאָטנדיגע ביימער, פון די האָטעלן וואו די נאַכט און דער טאָג האָבן נישט קיין גרענעץ, הערט זיך אַ געשריי: נאָר פאַר אונז! נאָר פאַר אונז!

שוין צופיל זיינען די קרבנות געפאַלן נעבן דעם מזבח פון די רייכע, און דער מענטש איז אומרואיג געוואָרן פון דעם בלוט וואָס רוישט אַרום דער היינטיגער געזעלשאַפט. די נשמה פון מענטשן איז פאַרבונדן צווישן איינעם און צווייטן דורך טויזנטער געהיימע דראָטן, וואָס עס דאַכט זיך פון אויבן אויף, אַז זיי ווערן נישט באַוועגט אין דעם האַוועו און אין דעם זאָרג פון לעבן. דעם חשבוי

האָט אייגנטלאַך קאַפּיטאַל אויסגערעכנט ווען ער האָט יעדן איינעם פון ארבעטער קלאַס איינגעטיילט די זאָרג און דעם שוויים פאַר זיין פּערזענלאַכן לעבן. אָבער ער, דער טרוקענער אויסרעכענער, האָט פאַררעכנט די נשמה וואָס האַלט וואַך איבער דעם מענטשן און קלאַפּט טרעוואָגע בא זיין אונטערגאַנג דורך אירע דראָטן.

אזוי איז אַלע מאָל געווען. ווען רוים האָט געפּייניגט אירע שקלאַפן האָט די נשמה געשיקט אין שלאַכטפעלד אריין ספּאַר־טאקוס'ן. זי האָט גערופן הילף דורך די הונדערטער טויזנטער שקלאַפן, פאַר דער באשיצונג פון זייער לעבן. אזוי איז אויך געווען אַלע מאָל ווען הערשער האָבן געפּייניגט אונטערדריקטע.

עס איז נישט געווען די וויסנשאַפט וואָס האָט אויפגעהויבן די אונטערדריקטע פון אַלע צייטן, נאָר דער אינווייניגסטער באוואוסט־זיין פון לעבן וואָס איז מער גערעכט פון אַלע וויסנשאַפטן, וואָס איז דאָס נויטיגסטע פאַר דער אַנטוויקלונג פון א לאַנד, ווען איין קלאַס מענטשן ווערט אַלע מאָל באַזייטיגט פון צו געניסן פון איר פּאָרשריט. אַנטוויקלונג איז נישט קיין מוז, אזוי לאַנג ווי עס דינט נישט צום לעבן. און די אַרבעטער מאַסן האָבן א פּאַלקאָמענעם רעכט אַרויסצייגן א שנאה צו א פאָרשריט וואָס ציט זיך דורך פאַרביי זיי ווי א פאַרשלאָסענער גן עדן.

דערפאַר איז נישט קיין וואונדער וואָס אין זיי רעדט דער האַס צו די רייכע, ווייל דער צער פון זייער שטימע קען ניט באַ־האַלטן ווערן, צוזעענדיג די אומגעהייערע שפע פון וואָס זיי קאָנען נישט געניסן.

פאַר זיי איז נישט כשר געוואָרן דאָס וואָס די היינטיגע גע־זעלשאַפט האָט געשטעמפּלט פאַר גוט. דער אַרבעטער זיפצט פון דעם יושר וואָס האָט ליידיג געמאַכט זיין לעבן, און חלומט אין א האָפנונג, וואָס באַלייכט זיין נשמה.

## אין שטילן פארגיין

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק.
פאַרצוימט אונז די וועגן צום לעבן, צום גליק,
פאַרשטעלט אונז די ליכטיגע זון, און זי מאַכט
פון פריילאַכן טאָג אונז אַ פינצטערע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט.
די אַרבעט דאַרף רויערן, די אַרבעט איז שווער,
פאַרזאַמלט זיך ברידער, קומט אַלע אַהער
זאָל יעדערער צולייגן פעסטער זיין האַנד.
מיר וועלן די הויכע פינצטערע וואַנט
צוברעכן, צוברעכן די וואַנט.

אברהם רייזן.

אָבער נישט נאָר דעם כעס, דעם האַס, פילט דער אַרבעטער צו דער געזעלשאַפט וואָס פאַראורטיילט אים פון אירע רייכטימער, וואָס האָט אים טרוקן געמאַכט דעם גומען נאָך דעם פרישן וואַסער פון לעבנס-קוואַל. ער טראָגט מיט זיך אויך אַ טרוים, אַ פאַנטאַזיע. ער שטעלט זיך פאָר אַז די טויערן פון זיין גן עדן וועלן זיך עפענען און דאַמאָלסט וועט ער אַהין אַריינגיין און נעמען אַלץ נאָך וואָס ער האָט געלעכצט. און דער צאָרן לעשט זיך בא אים אויס, וועבט ער זיין ווילן אין די באַהעלטענישן פון זיין נשמה.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע,
זילבעריג בלויען די בערג,
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע.
ערגעץ טיף, ערגעץ טיף,
אין דער ערד איינגעקנאָטענע
וואַרטן אוצרות אויף אונז
וואַרטן אוצרות פאַרשאָטענע.

ה. לייוויק.

אַזוי דרעמלט ער אין דעם בין השמשות פון זיין געדאַנק, זיך אַנוואַרמענדיק פאַר דעם ליידיגן לעבן וואָס ער האָט איצט. ער טרוימט אין די פאַלדן פון זיין נשמה'דיגער אָפּגעזונדערטקייט, אַז דער טאָג פון יום הדין וועט קומען, מעגן אַלע די וואָס זיינען פאַר־קויפט צום געלד, פאַרטיידיגן די געזעלשאַפט, וועט עס זיי נישט געלינגען, וועט עס אַלץ נישט האָבן קיין איינפלוס אויפ'ן אַרבעטער צו זיין אונטערטעניג און צו פאַרגעסן די עולות פון דער היינטיגער אָרדנונג, ווייל באַ זיך האָט ער זי שוין לאַנג פאַר'משפט צום טויט און וואַרט אויף דעם מאָמענט ווען ער וועט פאַרזוכן די נקמה און די פרוכט, פאַר די קרבנות פון אַרבעטער־קלאַס, מיט וואָס זי, די געזעלשאַפט, האָט זיך אַלע מאָל געזעטיגט.

# דער סוד פונ'ם ליד

עס איז זייער וויכטיג פאר א ליטעראטור צו אנטוויקלען דעם געשמאק פון לעזער. דאמאלס האט זי א בעסערע געלעגנהייט גע־ליבט צו ווערן. וואס עסטעטישער דער לעזער ווערט, אלץ טיפער ווירקט זי אויף אים, אלץ מער ארט קריגט זי אין זיין נשמה, און דורך דעם אופן פארשפרייט זי זיך אליין מער איבער א גרעסערע צאל מענטשן מיט איר איינפלוס. דאס וואס דער לעזער ווערט באַ־גייסטערט, אויפגעשטורעמט, מאכט עס אים נישט צו דערשטיקן זיינע איבערלעבונגען, און ער גיט זיי איבער צו אנדערע מענטשן. און פון דאנען באשאפט זיך די טעריטאריע, איבער וועלכע די ליטעראטור פארשפרייט זיך.

אבער פיל וויכטיגער פאר דער ליטעראטור איז, ווען מען פארשטייט זי, ווען מען דעבאטירט וועגן איר, ווען א לעזער שרייט אויס וועגן א ליד אדער דערציילונג „וואונדערבאר!", אדער: „אויסערגעוויינטלאך!" מיינט עס נאך גארנישט. דאס געפיל „וואונ־דערבאר" איז א ספאנטאנער אויסדרוק פון עפעס וואס די נשמה האט דערפילט, און זי קאן קלאר נישט זאגן. נעמט זיך אבער דער מענטש שוין אפגעבן א דין וחשבון פארוואס, גייט ער אין דער זעלבער צייט איבער צו א העכערער און מער פאראנטווארטלאכער שטופע צו דעם וואס ער האט געלייענט און דאס ברענגט אים דערצו, אז ער זאל מער פארשטיין דעם אינהאלט פון געשאפענעם מאטעריאל.

און פון דאנען באשאפט זיך ארויס די דריטע און לעצטע

שטופּע פון דעם לעזערס באַציאונג צו דער קונסט. ווייל הערט ער זיך אויף צו באַנוגענען מיט דעם ספּאָנטאַנעם אויסדרוק אליין, און גייט איבער צו א שכלדיגן אַנאַליז, ווערט ער אין צווייען נויטווענדיג פאַר דער ליטעראַטור, און אויך זי ווערט פאַר אים נוצלאַך צוויי־פאַך, און אין דערזעלבער צייט ווערט ער קולטורעל ברייטער.

עס איז זייער לויבנסווערט, ווען א ליטעראַטור קאָן ווערן ברייט גענוצט פון פאָלק פאַר די טאָג־טעגלאַכע פאַרבינדונגען און באַציאונגען צ ו ו י ש ן  ז י ך. די דיאַלאָגיע, זאָגט פּלאַטאָ, איז די העכסטע שטופּע אויף צו דערגרונטעווען דעם אמת און ממילא די גערעכטיגקייט. וואָס קאָן נאָך זיין א געזונטערער פאַר־נעניגן פאַר א פאָלק ווען עס זוכט זיך אליין אונטער אין זיינע קולטורעלע באַדערפענישן? נאַטירלאַך וועט זיך דער לעזער נישט אָפּשטעלן מיט אַנאַליזירן דעם געשאַפענעם מאַטעריאַל, ווייל וועט ער נאָר אָנהויבן צו אַנאַליזירן, מוז ער שוין איבערגיין צו דער דריטער און לעצטער שטופּע — צום לערנען, און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע פון אונזער אויפטו.

עס וועט זיך דאַמאָלס באַשאַפן א קריטישע באַציאונג צום באַגריף, וואָס וועט פאַרטיפן און פאַרברייטערן דעם לעזערס פער־זענלאַכקייט. נישט נאָר וועט ער ווערן מיטגעריסן פון אויסדרוק וואָס איז דאָ אינם ליד, נאָר ער וועט זיך אויך אויסלערנען צו שאַפן א מאָראַל איבער די פּראָגעס און דערשיינונגען פון לעבן וואָס זען זיך דורך דעם קינסטלערס פעדער.

מיר גלויבן, אַז דאָס איז דער געזינטסטער וועג פון א ליטע־ראַטור. עס איז נישט גוט, ווען דער שאַפער ווערט נאָר געשאַצט פאַר זיין טאַלאַנט, עס דאַרף אויך געשענקט ווערן אויפמערקזאַמ־קייט צו די כאַראַקטערן פון די מענטשן וואָס ער פירט אַרויס פאַר דער וועלט.

דעם קינסטלער וועט עס פון איין זייט דערמוטיגן זיך צו

פארטיפן אין די קוואלן פון לעבן און צו זוכן די פערזענלאכקייט וואס וועט אים פיל באררייכערן, און פון לעזער וועט עס ארויס־ברענגען א רעספעקט, א נייגעריקייט צום מענטשן, צו זיינע ליידן און פריידן, צום גרויסן, קאמף וואס קומט פון אלעמאל פאר אין דער מענטשלאכער נשמה.

ווען א קינסטלער שאפט עפעס, איז שטענדיג אין דעם דא א געוויסע פארשטעלונג, א געוויסער ציל צוליב וואס דאס געשאפענע ליד, אדער אן אנדער קונסטווערק איז ארויסגעקומען. אבער א סך מאל פאסירט אויך, אז עס איז שווער צו פארשטיין, — אנצוכאפן די פעדים וואוהין דער פאעט פירט מיט זיין ליד, וואס מיינט ער, אין דער צייט ווען איין געדאנק וואס איז דארטן דא זאגט ארויס דעם גאנצן סוד, נאר מען דארף האבן א באזונדערע אויפמערקזאמקייט אים צו כאפן.

דאס קאן נאר דערגרייכט ווערן דורך דעבאטירן דאס ליד, וואס אדורכוואנדריק פארשידענע באגריפן און השערות, מוז מען זיך צום סוף איינינגן אויף דאס לאגישסטע, און אזוי נאך דער־גרייכט מען דעם סוד און ציל פון דעם ליד.

# דאָס גלות יאָר

כישוף׳דיג לויפט פון אייביג אָן דער קרייז אין וועלכן דער מענטש יאָגט זיך אויסצוראָטן דאָס שלעכטס. ווי קומט עס וואָס ער יאָגט זיך קענן זיך אליין און קאָן זיך פאָרט נישט באזיגן? ווי קומט עס וואָס ער האָט פארשטויסן איין זאך פון זיך און קאָן דאך דערפון נישט פטור ווערן?

די געזעלשאפט וואָס פאר א ברילן זי זאָל נישט טראָגן וועגן באגריף פון שלעכטס באשטראָפט דאָס דאָזיגע פארברעכן. זי דער־קלערט דערמיט אָפיציעל, אז זי וויל אויסראָטן דאָס בייז וואָס גע־פינט זיך באַם מענטשן. און די צייט ווען זי איז נישט געווען ברייט רעגירט פון פאָלק. ווען זיין שטימע האָט נישט געקאָנט ווייזן און באצווינגען די קאפריזן פון זייער עגאאיזם אויף דעם פאר־שטאנד פון פאָלק, און אזוי אנאָך אויסארבעטן באגריפן פון שלעכטס און גוטס. צ. ב. ווען דאָס קריסטענטום האָט געזוכט אנהענגער צווישן די געצנדינער, האָט זי זיי באשיצט ווען יענע זיינען בא־גאנגען א מאָרד און אנטלאָפן אין דער קירכע,נאַטירלאך בתנאי אז זיי זאָלן ווערן קריסטן. אָדער דער באגריף אז די פרוי איז דאָס געזעצלאכע אייגענטום פון מאַן. עס איז געווען גאַנץ מענטשלאך איבערצוטרעטן די דאָזיגע באגריפן, נישט פאָלגנדיג די געזעצן וואָס פרעמדע האָבן געמאַכט, נישט קיין דערוויילטע, איז פאקטיש געווען א דערנענטערונג צו זיך אליין. דער געווינס פון דעם איז ארויסגעקומען, אז דער באגריף וועגן שלעכטס איז נישט אזוי פאר־הייליגט געוואָרן אזוי ווי די אָפיציעלע מאַכט האָט געוואָלט, און

די מאסן פסיכאָלאָגיע האָט געהאַט אַ מעגלאַכקייט זיך צו געפינען אונטער אַ פרייער באַוועגונג אין דעם אורטייל איבער שלעכטס. אָבער מיט דער אויספאַרייטונג פון דער דעמאָקראַטיע ווערט דער באַגריף וועגן שלעכטס אַלץ הייליגער פּראָקלאַמירט, און פּאַראַליזירט צו זיך די איינשטימיקייט פון די מאַסן, ווייל דער אורטייל איבער דעם דאָזיגן באַגריף קומט שוין פון ברייטערע מענטשן־קרייזן, דאָס געזעץ פון אַ וואָל שטאַט האַלט זיך מאָראַליש גערעכטער און פסיכאָלאָגיש שטאַרקער צו באַשטראָפן די מענטשן פאַר זייער שלעכטס, און עס קומט דערפון אויס אַז די געזעלשאַפט רוקט זיך אַלץ עקסטרעמער אַוועק צו דער פאַרניכטונג פון דעם דאָזיגן אַבסטראַקטן באַגריף.

אָבער אין דער זעלבער צייט זעען מיר אַ מאָדנע דערשיינונג אויף איר אויבערפלאַך. אין דער צייט ווען זי שטרעבט אָבצושאַפן אָדער צו פאַרקלענערן דאָס שלעכטס, שטעלט זי מיט זיך פאָר אַן אונגעהייערן קאַנאַל, וואו דאָס געמיינסטע פון מענטשן פליסט אַריין מיט אומגעהויערער קראַפט און אויסדרוק. מיר זעען אַז מיט דעם וואָס דער מענטש שעמט זיך און זוכט אין זיך צו דערשטיקן, טראָגט ער אַרויס צו דער אויסשטעלונג אין דער געזעלשאַפט. מיר ווייסן אַז קיין מענטש ווינשט זיך נישט צו זיין פאַרשקלאַפט, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אַז די געזעלשאַפט זאָל פון אייביג אָן באַ זיך האָבן קלאַסן, הערשער, טיטולן און שטאַנדן, וואָס האָבן אויסגעפירט דעם פרינציפ פון פאַרשקלאַפונג ברייט און טיף, אויף דעם קערפער און אויף די מענטשלאַכע נשמה.

מיר זעען דאָ אַז די צווייטע מענטשלאַכע קראַפט, דער ווילן צו פאַרשקלאַפן איז אָבגעפלאָסן אין געזעלשאַפטלאַכן קאַנאַל אַריין, און דאָרט באַקומען דעם ברייטסטן אויסדרוק.

אַלע מענטשלאַכע געמיינהייטן, וואָס וואָלטן נישט געוואַגט אַרויסצוקומען פאַר דער עפנטלאַכקייט אין פריוואַטן לעבן, זיינען

שטאָלץ פאַרהיילינט אין דער עפנטלאכקייט פון דער געזעלשאַפט. טויט שטראָף, שמיץ, לאַנג יאָריגע שטראָף, אומגעהייערע פיינט־שאַפט דורך מלחמה דערקלערונג, זיינען אַלץ אַזעלכע דערשיינונגען דאָס ווען זיי ווערן געטאָן אין די ראַמען פון כלל, איז עס נאַטירלאַך.

וואָס אָבער זעען מיר פון דעם ארויס?

שפּאַנטדיג לאַכט דאָס מענטשלאַכע געשטאַלט פון זיך אַליין, פון איין זייט שטרענגט זיך די געזעלשאַפט אָן אַלץ מער און מער צו מאָראַליזירן דאָס פּאָלק געגן אבסטראַקטן באַגריף פון שלעכטס, און פון דער צווייטער זייט רייסט עס זיך צום אויסדרוק דווקא אויף דעם זעלבן אָרט פון וואנען מען וויל עס ארויסיאָגן. די גע־זעלשאַפט קומט אזוי אַנאָך ארויס אין א ווידערשפּרוך צו זיך אליין, זי וויל זיך רייניגן און זי דינט אליין מיטן גוטן ווילן די קרעפטן וואָס מאַכן איר אומריין.

אויך דאָס פּריוואַטע לעבן איז פול מיט דעמזעלבן ווידער־שפּרוך. דער מענטש באהאלט זיך מיט דעם בייז, אָדער ער טוט זיי אָפּן מיט פּרעכע באַרעכטיגונג. די באַדערפעניישן וואָס די נידריגע ליידנשאַפטן רופן בא אים ארויס, ווערן בא אים באַהאַלטן אָפּגעטאָן, אָדער ער טוט זיי אָפּן מיט א הכשר פון א פּרינציפּ אָדער אידייע. אָסקאר ווײַלד האָט געזעטיגט זיינע ליידנשאַפטן באַהאַלטן. טאָרקוועמאַדע האָט זיי געזעטיגט גאַנץ אָפּן. ווער קאָן אָבשאַצן וויפיל אָסקאר ווײַלדס פון דער זינדיגער זייט געפינען זיך צווישן אונז? און ווער קאָן אָבשאַצן וויפיל פון טאָרקוועמאַדאָן געפינט זיך אין יעדן פון אונז?

אָן צווייפל קאָנען מיר ארויסזען, אז דאָס פּריוואַטע לעבן ווי דאָס געזעלשאַפטלאַכע, וויל נישט און האָט נישט קיין כח אומצו־ברייינגען דאָס בייז פון זיך. אָבער צוליב די פאַרשידענע פאַר־אַכטונג צו דעם שלעכטס פאַרשטעלט זיך עס באַם מענטשן און קוועלט אים, עס רייסט זיך ארויס נישט אויף ריכטיגע ערטער צום

לעבן, ווייל עס האָט נישט די פּרייקייט און דאָס געזעצלאַכע אָרט וואָס עס דאַרף האָבן, פּונקט ווי א ממזר־קינד שלייכט זיך עס דורך דעם קוואַל פון דער מענטשלאַכער נשמה, און זוכט צו האָבן א שעה פאַרגעניגן ווי דאָס געזעצלאַכע קינד. אָבער יעדע עקזיסטענץ־באַרעכטיגטע באַשעפעניש, וואָס האָט נישט זיין באַקוועמקייט, מוז אויסוואַקסן קרום און פאַרהינקען, דערפאַר איז נישט קיין וואונדער וואָס דאָס שלעכטס פון מענטשן ברענגט אים שאַנדע און שטראָף.

די מאָראַלע רעפּובליק נעמט די כחות, מיט וועלכע דער מענטש שעמט זיך און שאַפט אָפּ פון זיי די שאַנדע. זי זאָגט צו אים: פיר זיי אוים! באַפרידיג זיך! זי ווייסט אַז דער מענטש וועט מיד ווערן פון צו זיין אומריין און מיט בענקשאַפט וועט ער אריבער־קוקן איבער די גרעניץ פון די טונקעלע באַגערן. זי באַזאָרגט אים מיט צוויי צייטן: איינע וואו ער זאָל זיין בייז באַפרידיגן, די צווייטע, וואו ער זאָל קאָנען ערפילן זיין בענקשאַפט. זי פירט איין א יאָר וואו דאָס מענטשלאַכע בייז זאָל אים נישט ברענגען קיין שאַנד און נישט קיין שטראָף, און דאָס דאָזיגע יאָר וועט איינ־טיילן דעם מענטשן אין צוויי קלאַסן. דער גלות מענטש, און דער פרייער מענטש, דער ערשטער וועט ליידן, וועט געפייניגט ווערן און באַפרידיגט ווערן מיט דער טייל נאַטור וואָס ליגט אין מענטשן אַלס שקלאַף. דער צווייטער וועט הערשן, פייניגן און זיך באַפרידיגן מיט דער טייל נאַטור וואָס ליגט אין מענטשן אַלס טיראַן. איבער דעם גרענעץ פון גלות יאָר וועט ליגן פינף יאָר נאָרמאַל לעבן, און דאָס געווינס פאַר אים וועט זיין אויסער זיין באַפרידיגונג, דאָס ווען דער מענטש וועט קומען א באַזיגטער פון שלעכטס וועט ער אָן צווייפל דאַמאָלס האַלטן די וואָגשאָל פון זיינע באַגריפן ווייניגער צורייצט און מער גענייגט צו דעם גענוס פון מענטשן.

צום צוואַנציגסטן יאָר, און נאָך דעם יעדעם זעקסטעם יאָר,

זאָל דער מענטש אריבערגעשיקט ווערן פאַר אַ הפקר אַפּפער ארויס פון זיין אָרט וואו ער האָט זיך איינגעלעבט, צו אנדערע שטעט פון זעלבן לאַנד. פון אים זאָל צוגענומען ווערן די באַשיצונג פון געזעץ. ער ווערט פריי פון אַלע פריווילעגיעס און פליכטן פון און צום שטאַט. קיין מאַטעריעלע הילף זאָל נישט דערלויבט זיין, אויס רחמנות. אויך דאָס זען זיך מיט זיינע קרובים אָדער פון זיי צו קריגן הילף, נאָר דאָס דורכשרייבן זיך זאָל מעגן זיין. ער זאָל פאַרדינען ברויט דורך איינענע געפונענע מיטלען. זיין פאַרברעכן צו די געזעצן פון לאַנד זאָל באַשטראָפט ווערן. יענעמס פאַרברעכן צו אים זאָל דערלויבט זיין. פון אים מעג מען גנב'ענען און גזלנ'ען, נאָר נישט פאַרהינקען זיין קערפּער און אויך נישט דערמאָרדן. דער שטאַט איז פאַרפליכטעט צוריק צו ברענגען יעדן מענטשן פון גלות, צו זיין פריערדיגן שטאַנד פון געזעלשאַפטלאַכן אָדער עקאָנאָמישן גלייכגעוויכט.

# איבער דעם לעבן

אין אונזער לעבן פעלט ווארימקייט, וואָס זאָל מאַכן מעגלאַך, אַז דער מענטש זאָל זיך קאָנען ארויסבאַשאַפן, מיט זיינע צווייפלען און באגייסטערונג, מיט זיין זוכעניש און נאאיווקייט. ס׳פעלט די בעסטע קוואַליטעט פון מענטשן, די אידייאישע ארויסבאַשאַפונג, עס פעלט דער מאַטעריאַל וואָס זאָל איינהייצן די מענטשלאַכע נשמה.

דער מענטש איז געוואָרן ענג און קאַלט, ער איז אַוועק פון דער שפילעוודיקער וואַכקייט, און ווען דער מענטש פארגעסט זיך צו שפילן, ווערט ער אַ וואָלף. די נשמה איז פייאיג צו אַ סך גוטע טאַטן, אָבער דאָרט וואו זי הערט זיך אויף צו שפילן, פארלירט זי איר אומשולד, און צוזאַמען מיט איר גייט בא דעם מענטשן אַוועק די פייאיקייט אויפצוכאַפן און אריינדרינגען אין די צאַרטע און ספּאָנטאַנע דערשיינונגען פון לעבן.

די אומשולד, די נאאיווקייט פלייצט ארויס פון אונזערע סאַמע טיפסטע קוואלן, זי איז דאָס געוועב און דער צוזאַמענשטעל פון דער נשמה. זי קאָן מוחל זיין, איבערקלערן זיך און האָבן חרטה. און דאָס הייסט זיך אליין איבערשאַפן, אָדער האַלטן זיך כסדר אין שאַפן. און די אומשולד האָט ליב די שפילעוודיקייט, דערפאַר, אַז דער מענטש פארלירט זי, ווערן בא אים פארהאַקט די טירן צום אונטערערדישן געוועב פון דער נשמה, און עס ווערן איבערגעריסן די דראָטן וואָס האַלטן אים פארבונדן צו אירע באַוועגונגען.

די שפּילעוודיקייט איז דאָס פאַרגעניגן, דאָס פרישע וואַסער וואָס לעבט אויף, און שטאַרקט דעם מוט, און מאַכט היימלאַך צו האַלטן דעם לאָמפּ אין די מענטשלאַכע פינצטערנישן אום זיי צו פאָרשן, און אין זיי צו שפּאַצירן כדי זיך אליין צו געפינען.

אָבער אויף אונזערע וועגן איז נישטאָ די מענטשלאַכע וואַרימקייט. זי איז פאַרשטופּט געוואָרן אין אונטערערדישע הייל, און דער מענטש אַליין איז קאַלט געוואָרן צו זיך און צו דער אויסערלאַכער וועלט. ער איז נאָר געוואוינט צו דעם וואָס קאָן אים ברענגען נוצן. ער בוקט זיך צום פּראַגמאַטישן אָפּגאָט פון דזשיימס'ן און לעגט דערפאַר געטריילאַז צו דעם קלאָרן שטראָם, וואָס קומט אַרויס פון אידייען אום אָנצוטרינקען נישט נאָר זיך אַליין, נאָר דעם מענטשן אין אַלגעמיין

דער מענטש ווערט דורך די נישט נאָרמאַלע באַדינגונגען פון לעבן צוגעבראַכט צו אַ שטופּע, וואו ער פאַרגעסט אין דער באַרעכטיגונג צו אַ חלק פאַרגעניגן וואָס קומט אים פון דער וועלט. ער איז נאָר צופרידן, אַז ער פאַלט נישט אריין אין אַן אומגליק, ער איז צופרידן וואָס ער קאָן אויסמיידן די אומבאַקוועמע שאָטנס וואָס ווילן אים פאַרהילן.

באַ אַזאַ צושטאַנד מוז די נשמה ווערן איינגעבוינגן און צוזאַמענגעקוועטשט, זי, וואָס מוז זיך האָבן מיט וואָס צו דערנערן קאָן נישט פריי אָטעמען, ווען די מיטלען מיט וואָס זי זעטיגט זיך זיינען ווי דערנער וואָס צעשטערן און צעבלוטן איר עמפּפינדלאַכקייט, זיינען ווי די צוואַנגען וואָס פאַרקלעמען דעם וועג פון זיך אַרויס. עס פעלט די געלעגנהייט און די אַטמאָספערע וואו די ענדערונגען פון דער נשמה זאָלן זיך קאָנען באַוועגן כדי אַזוי נאָך אָפּצופרישן דעם מענטשן און אים דערנערן צו אַ פאָרזעצונג פון לעבן.

א בילד פון אזא מין פרעמדן גיט אונז תלוש אין זיין דער־ציילונג „די פרעמדע". מיר זעען דאָרט ווי מענטשן לעבן בא זיך אין דער היים און דאָך זיינען זיי פרעמד צו זיך. נישט נאָר רבקה איז דאָרט פרעמד, נאָר אויך דוד. רבקה וואָס האָט נאָר אויסגע־זוכט א היים פאַרן גוף מוז מיט דער נשמה בלייבן פארשווינן, ווייל דאָרט וואו דער מענטש לויפט אריין צו געפינען שוץ אום נישט אומצופאלן, דאָרט מוז ער בלייבן אונטערטעניג, און ער קאָן זיך קיינמאָל פריי נישט באוועגן. א סך אזעלכע רבקה׳ס דרייען זיך ארום צווישן אונז, א סך זיינען אזוי ווי זי, אריינגעלאָפן ערגעץ אויף צו באשיצן זיך און זיינען געבליבן דאָרטן לעבן אייביג פרעמדע.

לעבנסלוסטיג איז רבקה גענייגט צו דוד׳ן און דאָרט וואָלט זי געקאָנט פריי ווערן מיט דעם גאַנצן אינהאַלט וואָס א נשמה באַהאלט בא זיך. אָבער נישט זי און נישט דוד קאָנען אריבערגיין פון די באזונדערע וועגן וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן און זיך פארמשפט אלס פרעמדע.

אין דער דערציילונג זעען מיר נישט קיין סמנים צו עס וואָלט מעגלאָך געווען א געזונט לעבן צווישן דוד און רבקה׳ן. די נאָנטע שפירונג וואָס זיי דערפילן פון איינעם צום צווייטן קומט נאָר דער־פון וואָס עס איז זיי ביידע ענג. דער באַגריף פון זייער פרעמד־קייט דערנענטערט זיי ביידע די היימלאכקייט, און דורך דעם אופן דערשפירן זיי א גערוך פון צייטיגע פרוכט וואָס זיי האָבן געוואָלט רייסן אין אנדערע ערטער, אָבער דאָס מזל, און די צייט האָבן זיי ערגעץ אנדערש אוועקגעפירט.

אזעלכע מין אינסטינקטיווע דערפרישנדע נייגונגען פון מענטש צו מענטש, זיינען נאָר מאָמענטן, מינוטן, וואָס בארעגענען אויף א קליינע צייט מיט פרישן טוי זיין געמיט, דאָס אַלץ אָבער פאַר־שווינדט. ווען מען איז פארמשפט צו גיין אנדערש וואו מען וויל. און מער ווי דער גערוך פון רייפקייט, קאָן מען נישט דערשפירן,

ווען מען געפינט נאָכער דוד'ן אַ געהאַנגענעם אויפן בוים, באַווייזט עס נאָר, אַז מאָמענטן גוטע, גיבן אפשר אַ גלעט אַ צערטל, אָבער זיי קאָנען נישט געבן דעם מענטשן די גלייכגעוויכט אָנצוהייבן דאָס לעבן פון דאָס ניי. דוד איז געווען דער רעבעלירנדער גייסט, רבקה איז עס נאָך נישט געוואָרן, אָבער אויך איר אינערלאַכע פרעמדקייט קאָן איר אַמאָל צושלעפּן צו דעם אָפּגרונט וואו דוד איז אַראָפּגעפאַלן, ווייל עס ווענדט זיך נישט וויפיל אַ מענטש באַשטימט אויסצוהאַלטן, נאָר וויפיל ער האָט כח אויסצוהאַלטן.

פון דעסטוועגן קעמפט דער מענטש נישט צו צוקומען צו די טירן וואו די פרעמדקייט עפנט פאַר אים ברייט אויף דעם אַריינ־גאַנג. ער זוכט זיך צו באַוואָרענען פון דעמאָלט נאָך, ווען ער הערט אויף צו זיין אַ קינד, ביז ווייט אַוועק אין די פאַרפּלאָנטערטסטע לעבנס באַדינגונגען. ער זוכט זיך אַרומצורינגלען מיט אַ פעסטונג פון פריינד, פון אייגענע. אויב עס געלינגט אים נישט איז זיין טראַגעדיע, זיין נידערלאַגע, אָבער ביז אָט די נידערלאַגע באַגעגנט אים, זוכט ער אומערמידלאַך אַן אָרט צו לעבן וואו ער זאָל פילן די וואַרימקייט פון פריילאַכקייט און היימלאַכקייט, און ווערן באַ־שיינט פון זייער ליכט וואָס מאַכט פרישער פאַרצוזעצן דאָס לעבן.

נאַטירלאַך, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, פעלט אָט דאָס דאָזיגע ליכט, עס איז נישטאָ. און דאָ ליגט די עולה. יעדער מענטש פאַרמאָגט און קאָן פון זיך אַרויסגעבן אַ געוויסע פּראָ־פּאָרציע וואַרימקייט, וואָס זאָל לייכטער מאַכן דורכגיין דעם שווערן וועג פון לעבן מיט די מענטשן מיט וועלכע ער באַקענט זיך. ער דאַרף זיך נאָר זען אַרויסצובאַשאַפן, ער דאַרף נאָר פאַרשטיין, אַז צו געבן די אויפהייטערונג צו דער נשמה איז פונקט אַזוי נויטיג און אַמוזירנד, ווי קערפּערלאַכע רייפקייט און מאַטעריאַלע באַ־קוועמלאַכקייט, און אפשר נאָך מער.

דער מענטש האָט אין זיך געוויסע קוואַנטיטעטן, וואָס ער מוז

זיי געבן אויסדרוק, ער מוז מאכן פאר זיי פלאץ אין דער באוועגונג צווישן מענטשן, און אויב ער טוט עס נישט, איז דאס פאר אים אזא שאדן ווי עס איז פאר די וואס קאנען דערפון געניסן.

א סך פון אונזער גלייכגילטיקייט צום לעבן נעמט זיך דערפון, וואס מיר זיינען צו נאכלעסיג נאכצוגעבן אונזערע נשמה׳דיגע באַדערפעניש. דאס רופט זיך אפ זייער שטארק אויף דעם גאנצן וועג פון לעבן. און מערסטנטייל באצאלט מען דערפאר גאנץ טייער. דער אינעווייניגסטער כח בלייבט ווי א הוילער פאס, וואו אונזער ווילן מיט זיינע פארלאנגען הילכן אין אים פוסט אפ און פאלן ארונטער צוריק דארט פון וואנען זיי זיינען ארויפגעקומען.

אויסער דעם וואס עס זיינען דא אזעלכע וואס זיינען גע־צוואונגען ארויסצוגיין צו דעם וועג וואו די פרעמדקייט באגלייט זיי, וואו זיי קאנען זיך נישט העלפן און מוזן זיך געזעגענען מיט די היימלאכע שפילעוודיקייט פון דער נשמה. זיינען דא אזעלכע וואס זיינען צוגעאיילט, וואס זיינען נישט פארזיכטיג מיט דעם ארט וואו זיי קלייבן זיך אויס, מיט דעם ארט ווי זיי באשטימען זיך צו טראגן די קערב מיט בלומען און די בעכערס מיט גאל פון לעבן. זיי דארפן זיך נישט שרעקן פאר דעם עלנד, און ווארטן בא זייערע וועגן ביז עס וועט פארבייגיין דער מענטש וואס וועט ווערט זיין זיך אים איבערצוגעבן. מען דארף האבן אם ווייניגסטן כח צו גלויבן אין דעם מענטשן, דעמאלט וועט ער זיך אויך באווייזן. מען דארף זיך איינגעוואוינען צו זיין פאר׳עקשנ׳ט אין דער דערווארטונג פון אים. דעמאלס וועט זיך דער מענטש פארשעמען און וועט פרובירן ארויסבאשאפן די בעסערע טייל פון זיך כדי אונזער ווילן זאל אים אויך אפגעבן ערע.

עס זיינען נאך צווישן אונז אזעלכע וואס טראגן מיט זיך א סך מתנות אין דעם אינעווייניג פון זיך. מען דארף זיי נאר אויפמערקזאם אפהיטן, ווען זיי גייען פארביי אונזער וועג. מיר

וועלן זיכער באַגעגענען אַזעלכע, וואָס וועלן אונז אָנפילן מיט דער פרישקייט פון לעבן און דאָס זוכן וועט זיך האָבן געלוינט. דער מענטש דאַרף זיך אָפּהיטן נישט אַריינצוקומען אין דעם אָרט, וואו ער זאָל נישט קאָנען אַרויסקומען צו דער אויבערפלאַך, וואו ער זאָל מוזן זיין באַהאַלטן און זיך נישט קאָנען אויסדריקן. ער דאַרף זיך אָפּהיטן פון צוימען וואָס פאַר׳משפּט׳ן אים צו זיין אַ פרעמדער און עס זאָלן פאַרמאַכט ווערן פאַר אים די טויערן פון דער שפּי־לעוודיקייט. ער דאַרף זיך אָפּהיטן פון צו ווערן אַן אימיטאַטאָר פון אַט דעם דאָזיגן גייסטיגן פאַרגעניגן, ווייל דאָרט וואו ער האָט די פרייהייט אַרויסצוקומען אין דעם דרויסן פון לעבן, איז דאָס ווי אַריינגעגאָסן אין זיינע בלוטן, כחות, וואָס מאַכן אים לוסטיג ווייטער צו גיין זיין וועג, און מאַכן אים גרינגער דאָס האַרץ דורכ־צוטראָגן די פליכטן וואָס דאָס לעבן לייגט אויף אים אַרויף.

# יאוש

לײַדיק הענגען די לאַגלען אױף די װענט פֿון דײַן פֿאַנטאַזיע, און פּאַראָומרײניקט קלינגען אירע גלעקער, — פֿון װײטנס הערט זיך דאָס געזאַנג פֿון איבערערדיש, פֿון צװײטן, װאָס װערט קײנמאָל נישט מקוים און שיפֿט זיך אױף די זעגלען פֿון אַן אײביקער בענק־שאַפֿט, — װי חלום־גלעקער קלינגען זײ, װײל אױך דײַנע דער־װאַרטונגען ליגן נאָך װײט און אומאַנטפּלעקט, װי חלומות, — און בלינד אין זײער װילן.

נעבן דעם געדאַנק איז דײַן געפֿיל שטײן געבליבן און זיך גע־בוקט פֿאַר זײַן טיפֿקײט, און נאָכהער האָט עס אָפּגעקערט דעם קאָפּ, — טױשנדיק זײַנען די קאָלירן פֿון איר גרונד, און אומרואיק אירע װאַסערן, — און איר אײגענע גערעכטיקײט איז פֿאַרשײט.

דאָס געפֿיל איז באמת אַ פֿײל, װאָס שיסט צוריק צו אירע טרעגער, װײל זײַן נענוס איז מיט װאונדן, און מיט לײדן זײַנען זײַנע װאונטשן, װאָס דו מוזט מיטטראָגן אַלס דײַנע ליבלינגס.

איך האָב געזען דײַן װײכקײט און דײַן צאָרן, דײַן מורא און דײַן אײנגעהאַלטנקײט, דײַן פֿידל פֿון טרײסט איז געלעגן פֿאַר־שימלט, דער יום טוב, װאָס דו האָסט דערװאַרט, איז באמת גע־װאָרן די שװערקײט אױף דײַנע הענט, און דו האָסט דערקענט דײַן װײ און דײַן אײנזאַמקײט אין מיטן פֿון דײַנע פֿרײנט — און דײַן װילן אין מיטן פֿון צעבראָכענע אָפּגעטער.

װאָרהאַפֿטיק איז דאָס איבערמענטשלאַכע, באַ װאָס מען קאָן זיך טרײסטן, און דאָס מענטשלאַכע איז, פֿון װאָס מען דאַרף זיך

טרייסטן — דערפאַר שיפט מען זיך מיט מער פרייליכקייט מיט די זעגלען פון דער פאַנטאַזיע איבער די אידעען, וואָס זאָגן אַ סך צו, נאָר וואָס קאָנען קיינמאָל מעגליך נישט ווערן.

קום דו, שכן, און זעץ זיך אוועק נעבן מיר; ניט געקוקט אויף אַלע דיינע בייזקייטן איז פאַרט שווער פון דיר אוועקצוגיין; זעץ זיך אַפּרוען נעבן מיר, ווייל די צווייגן פון מיין נשמה שמעקן איצט, איך וויל דו זאָלסט פילן זייער גערוך, כדי עס זאָל מיר און דיר גרינגער ווערן.

זע, ווי שאָטנס ליגן זיך נעבן אונז אַנידער, און עס גלעט מיך דער אומעט, דער ווינט בלאָזט אַהער די געלע בלעטער; הער, זיי רוישן, אין ווירבל־קאַראַהאָד פליען זיי צו אונז.

שטילער ווערט דאָס האַרץ, וואָס האָט אַמאָל גערוישט, וואָס איז געפאַלן אויף די שאַרפן פון דעם אמת.

עס דערנענטערן זיך צו מיר די טענער פון טרייסט; זייער טוי באַגריסט מיין נשמה; די האָפנונג, דאָס געדולדיגע פאַרזעעניש, קוקט גלייכגילטיג אַרונטער, ווי עס וואָלט שוין מער קיין פיילן נישט געקאָנט אויסשיסן.

באמת, עס איז שווער צו הערן די טריט פון טויט — לייג צו דיין אויער, און הער מיין צער וויינען; מיין ווילן האָט זיך איינגעבויגן און נאַכלעסיג הענגט מיין האַנט צו שעפּן פון זיין מוט.

איך הער דאָס רואיקע געזאַנג פון דער חרטה, וואָס איז מוחל אַלע מענטשלאַכע פאַרלאַנגען און שמייכלט פון לעבן, — וואונדער־לאַך זיינען אירע הויכקייטן, און איר קלוגשאַפט; איבער אירע שפּיצן גייט אויף דער מענטש אַ שטרענגער און ריינער, ווייל ער פאַרזוכט פון די קוואַלן פון דעם גייסט'ס באַוואוסטזיין, און אים האַלטן די סודות פון גרויסע ווערטן.

* * *

רוק זיך צו מיר צו נענטער, שכן.

## אין שטילן פארגיין

גלייכגילטיג קוקן צו מיר די הימלען ארונטער, טרוקן איז מיין געמיט פון אויפלעבונג, די דעמערונג פון מיין נשמה האט זיך אויסגעשפרייט אקעגן דעם געשטאלט פון מענטשן, און זינקט טיפער אריין אין שאטנס פון קומער.

איך הער די טריט פון דער אייביקייט; מיין קאפ וויל נישט זען איר געשטאלט, ווייל קאלט איז איר אטעם און אומבאמערקט און ביטער איז איר פארשטאנד.

די זון טרעט אפ, פארלאזנדיק דאס הארץ, וואס וויינט.
ווי שנעל דער בלאסער טאג פארגייט.
איך הער פון ווייטנס חלום־גלעקער, מלאכים צינדן שטערן אן.
שאר אפ די בלעטער, וואס דעקן שיטער מיך צו!

איך וויל גיין אין דער ווייטקייט פון דער פאנטאזיע; איך וויל באקוקן די אומצייטיגע פרייד, וואס ווארט, אז עמיץ זאל זי טרוימען.

איך וויל האלזן די האפנונג, וואס זיצט מיט אפגעהאקטע פליגלען.

איך וויל זיך שיידן מיט יעדער זאך באזונדער:

מיט'ן לאבן, וואס זיצט פארטרויערט, אנגעטאן מיט פארדארטע בלומען פון אמאל, מיט דעם שפיל, וואס האט קינדיש מיט מיר געשטיפט.

זע, ווי די שמאטעווודיגע רויזן שטייען שטיל מיט טרויער; אנשטאט מיט ליבע, שמעקט אהער מיט קברים ריח. זע, ווי זיי האבן איינגעבויגן זייערע קעפ, זיי וועלקן איין, פארלאזן פון דעם בליק פון פרייד — פון דער האנט, וואס האט זיי צארט געפלעגט.

און איך וועל אריבערקוקן צו דער קלוגשאפט און וועל טרויערן איבער איר מזל, זי האט אירע טרעגער מיט ווייניק פרייד מכבד געווען; איך וועל ארומנעמען איר געשטאלט און וועל עס קושן

ווייל עס איז באמת נישט ווערט אוועקצוגיין פון איר כדי זיך אויפ־יצוהייטערן מיט מענטשן כדי זיך צו פארשיכורן.

ווי די באגייסטערונג ליגט דאָס איינגעקאָרטשעט בא מיינע פיס; זע נאָר, אירע שטראַלן לייכטן שוין מער נישט; פאַרלאָשן זיינען געוואָרן אירע בליצן, און מיט טרויער האָט זיך באצויגן דער האָריזאָנט פון אירע ווייטקייטן.

פיר מיך אוועק, עס איז מיר קאַלט!

איך וויל נישט זען דאָס בעט, וואו מיינע טרוימען ליגן טויט, וואו עס איז אַמאָל די פרייד געלעגן בא מיין זייט, וואו עס האָט אַמאָל לבנה־שיין געשימערט, באגלייט מיט באגער שטום, און מיך מיט זיסע רו געבענטשט.

עס איז מיר שווער אין מיין נשמה אריינצוקוקן, ווייל פאַר־לאָשן איז דאָס פייער, און מיט יאוש חלומט זי אין דער פינצטער; דערנער שטאַרצן ארויס פון אירע ווענט, דאָס געבורט פון אירע ווייען הילכט אין מיר אָפּ.

פאַרגייענדיק צאַנקט דאָס ליכט פון טורעם, וואָס האָט גע־לויכטן, פון לעבן, וואָס האָט אַמאָל געגלאַנצט, פון טאַנץ, וואָס האָט אַמאָל באַרוישט, פון נעכט פון ליבע, וואָס האָבן זיך פאַרלאָשן.

איך זע די ראַנדן פון דעם אָפּגרונט, שרעקנדיג איז זיין טיפ־קייט, און שטיל איז זיין קלעגער. — טייוואָלים וואכן מיט פרידן איבער די, וואָס פאַלן דאָרט ארונטער, און דאָס ליד פון דאָס קומט ארויף צו אירע ברעגן.

איך וויל אָבער נישט האָבן. איז דען נישט האָט דאָס לעבן פון מענטשן? וואָס, איך דאַרף זיי נאָך שעלטן?

מיינע ליפּן וועלן שווייגן, און איך וועל קניען צום געדעכעניש פון מענטשלאַכן געשטאַלט, אַלס סימן פון טרויער צו זיין מזל און זיין אונטערגאַנג — אַלס סימן פון ווייטיק איבער זיין זוכעניש און זיין ליידיקייט.